

אסקאר ווײלד.

פֿערלאַג „זשערמינאַל".

אסקאר ווײלד.

# די ראָז און די נאכטיגאל

## און אנדערע ערצעהלונגען.



איבערזעצט פֿון א. פֿרומקין.



מיט אַ ספּעציעלע אָבהאַנדלונג איבער דעם פֿערפֿאַסער

פֿון ר. ראָקער.



לאָנדאָן, 1907.

# אסקאר ווילד.

„ניט אימער דאַרף מען בעאורטהיילען אַ מענשען נאָך זיינע האַנדלונגען. ער קען האַלטען דאָס געזעץ און דאָך זיין אַ פֿערברעכער. ער קען ברעכען די געזעצע און טראָץ דעם זיין אַ נאָבעלער כאַראַקטער. ער קען זיין שלעכט און קיינמאָל ניט בעגעהן קיין שלעכטע האַנדלונג. ער קען זיך פֿערזינדיגען געגען דער געזעלשאַפֿט, און דאָך קען דיזע זינד איהם פֿיהרען צו אַן אמת'ער פֿאָלקאָמענהייט."

דיזע וואונדערבאַרע ווערטער אין אָסקאַר ווילד'ס גלענצענדען עסיי „דער סאָציאַליזמוס און די מענשליכע נשמה" ענטהאַלטען איינעס פֿון די טיעפֿסטע פסיכאָלאָגישע געדאַנקען און אין דערזעלבער צייט אַן אונבעוואוסטע ביאָגראַפֿישע צייכנונג פֿון דעם דיכטער אַליין. אויך ער האָט זיך „פֿערזינדיגט געגען דער געזעלשאַפֿט," אין וועלכע ער האָט געלעבט, און די געזעל-שאַפֿט האָט גענומען ראַכע פֿון דעם זינדער;

זי האָט איהם בעגראָבען לעבעדיגערהייט צווי־שען די פינכטערע מויערן פון אַ קערקער, זי האָט עפענטליך געבראַנדמאַרקט זיין נאָמען און איהם אויסגעמעקט פון דער ליסט פון די „ריינע און אונשולדיגע." דערזעלבער מאַן, וועלכער איז געווען איינער פון די געניאַלסטע און מוט־היגסטע קינסטלער פון זיין צייט, אַ קינד פון די געטער, געבאָרען אין דעם טעמפעל דער אונשטערבליכקייט, דערזעלבער מאַן איז פּלוצלונג אַראָבגעשליידערט געוואָרען פון זיין ליכטיגען דיכטער־טראָהן אין דעם טיעפסטען אָבגרונד פון די פערלאָרענע, אין די דונקעלע וועלט פון די „געוועזענע מענשען," וואו די לעצטע שטראַהלען פון ליעבע און האָפנונג פערלירען זיך צווישען אין דער אייביגער פינסטערניס.

צווישען די קאַלטע, גראָע וועגד פון אַ קער־קער האָט געבלוטעט דעם דיכטער'ס האַרץ. און יעדער טראָפען בלוט האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ קלאַנג, און די קלאַנגען האָבען זיך פעראייניגט אין געוואַלטיגע מעלאָדיען, אין אַ געטליכען ריטהמוס פון וואונדערבאַרער ריינהייט און האַרמאָניע; און די וועלט פון די אויסגע־שטויסענע, די וועלט פון מערדער און פערברע־כער איז גערייניגט געוואָרען דורך דעם דיכטער'ס בלוט. דער פינסטערער קערקער האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ טעמפעל, און פון די טרעהרען און שמערצען פון די אונגליקליכע

האָט דער געפֿאַנגענער געניוס געדיכטעט יענע הערליכע און מאַיעסטעטישע פּאָעזיע: „דהע בעלעד אָף רידינג גאָול", אַ מייסטער־ווערק פֿון פּאָעטישער פֿאָלקאָמענהייט.

ווער עס האָט געלעזען „די באַלאַדע פֿון דעם געפֿענגנים אין רידינג", דיזען געוואַלטיגען אויסדרוק פֿון אַ געפייניגטער און פֿערצווייפֿעלטער נשמה, וועלכע פּאָדערט ליעבע און רחמנית פֿאַר די פֿערלאָרענע, ווער עס האָט מיטגעפֿיהלט דעם טייטליכען מ אָ ר אַ ל י ש ע ן שמערץ, די שרעקליכע מורא, וועלכע לייגט זיך אַוועק אויף די הערצער פֿון די אַרעסטאַנטען ווי אַן אייז־קאַלטע האַנד, אום צו דערשטיקען די לעצטע האָפֿנונג, דער וועט פֿערגעסען, אַז דער דיכטער האָט זיך „פֿערזינדיגט געגען דער געזעלשאַפֿט" און מעהר ניט זעהען ווי דאָס מורא'דיגע פֿערברעכען, וועלכעס די געזעלשאַפֿט האָט בעגאַנגען געגען דעם אונגליקליכען קינסטלער.

דאָס איז געוועזען אין 1881, ווען אָסקאַר ווײַלד האָט אָנגעפֿאַנגען זיין ליטעראַרישע קאַריערע דורך די פֿערעפֿענטליכונג פֿון אַ קליינעם באַנד געזאַמעלטע פּאָעזיען. אין אַלגעמיין גענומען געפֿינען מיר אין דיזע געדיכטע נאָך ווייניג פֿון דער געניאַלער אינדיווידואַליטעט, וועלכע צייגט זיך אַרויס אין די שפּעטערע ווערקע פֿון דעם קינסטלער. די טעכנישע פֿאָרמע

איז נאָך צו קאַלט און שטייף און די פּאָעטישע אינספּיראַציאָן געפינט ניט אימער דעם נייטיגען אויסדרוק. אָבער טראָץ דעם ענטהאַלט דיזע ערשטע פּאָעטישע אַרבייט איניגע בילדער פון וואונדערבאַרער שעהנהייט, ווי צ. ב. ש. דאָס געדיכט „פריה־מאָרגען שטימונג", וועלכעס בעהאַנדעלט דעם איינדרוק פון אַ לאָנדאָנער פריה־מאָרגען אין הערבסט. דיזעס געדיכט איז מעהר ווי אַ געוועהנליכע פּאָעזיע, עס איז אַ פּאָעטישע מאַלעריי, וועלכע רופט אַרויס אַן אונבעשרייבליכען איינדרוק ביי דעם לעזער. די ריעזיגע שטאָדט ליעגט פאַר אונז אויף ביידע זייטען פון דער טהעמס, און דער דיקער, שוועדער טומאַן קריכט איבער די בריקען און פערענדערט אַלע פאָרמען. די דונקעלע הייזער זעהען אויס ווי געשפּענסטער, ווי שוואַרצע שאָטענס אין דער אונבעשטימטער אַטמאָספערע, און די לאַנטערנען קוקען מיט מידע, קראַנקע אויגען אין דעם נעבעל. און אין דעם מאַטען שיין פון אַ לאַנטערן שטעהט אַ בלייכע פרוי מיט פיבער־הייסע ליפּען און אַ האַרץ פון שטיין.

דאָס בילד איז מייסטערהאַפט געצייכענט, עס ווירקט אויף אונז ווי אַ פּערזענליכעס ערלעבניס און געפינט אין דער זעעלע אַ דונקלען, רעטהזעלהאַפטען אָבקלאַנג. מיר וועלען עס שוין קיינמאָל ניט פערגעסען, און אין געוויסע

שטונדען וועלען מיר זיך אימער ווידער דער־מאָהנען אָן דאָס איינזאַמע ווייב מיט די רויטע ליפּען און דעם בלייכען געזיכט אים דונקלען טומאַן ביי דער טהעמס.

אין די וויטערע פּאָעטישע פערזוכע פון דעם דיכטער ענטוויקעלט זיך אימער דייטליכער די געוואַלטיגע שאַפונגס־קראַפט און די צאַרטע פאָרמען פון דעם אויסדרוק, ביז עס געלינגט איהם ענדליך צו שאַפען זיין גיגאַנטישעס מייסטער־ווערק, „די ספינקס". דיזעס ווערק איז איינער פון די וואונדערבאַרסטע מאָנומענטען אין דער מאָדערנער ליטעראַטור, און זאָגאַר די, וועלכע זעהען אין דער „ספינקס" נישט אַנדערס ווי דאָס קונסט־ווערק פון אַ דעקאַדענט, וועלען קיינמאָל ניט אָבלייקענען די מאַיעסטעטישע גרויסאַרטיגקייט פון דער אויספיהרונג.

אין דער „ספינקס" גיט אונז ווילד אַ סימבאָל פאַר די גרויסע טראַגעדיע פון דעם געשלעכט, אַ מעכטיגען און געניאַלען אויסדרוק פון יענע ווילדע און דעמאָנישע ליידענשאַפטען, וועלכע פייניגען די מענשליכע זעעלע און פאָדערן שטענדיג נייע צויבער־מיטעל צו בעטויבען דעם שמערץ און איינצושטילען די שוידערליכע עמפּ־פינדונגען פון שרעק און מורא. אין דעם הייסען זאַמד פון עגיפּטען, ניט וויט פון די פרוכטבאַרע ברעגעס פון ניל, דאָרט ליגט זי אויסגעשטרעקט, האַלב ווייב, האַלב טהיער; אין איהרע אויגען

שפּיגעלט זיך אָב דאָס גרויסע רעטעניש פֿון
אויפֿגאַנג און אונטערגאַנג, פֿון לעבען און טויט.
יאָהרטויזענדע ליגט זי שטענדיג אויף דעמזעל־
בען פּלאַץ. פֿעלקער זיינען ענטשטאַנען און
פֿעלקער זיינען אונטערגעגאַנגען אין דער נאַכט
פֿון דער געשיכטע, לעבען און טויט האָבען זיך
געפּאָרט אין טויזענדער פֿערשידענע געשטאַל־
טען, אַלע האָבען איהר געאָפּפֿערט, קעניגע
און בעטלער, פּריסטער און קריעגער, זי האָט
אַלע געליעבט און אַלע געטויטעט. זי האָט
געזעהן דעם מענשליכען וואַהנזין אין זיינע
אונצעהלבאַרע פֿאָרמען, מיליאָנען האָבען גע־
שריען צו איהר מיט הייזערדיגע שטימען און
פֿערטריקענטע ליפּען, געפּייניגט פֿון ווילדע
ליידענשאַפֿטען, אין דער העכסטער עקסטאַזע
פֿון געשלעכטליכער וואָהללוסטיגקייט. נאַקעטע
גלידער האָבען זיך צונויפֿגעפֿלאָכטען און פֿיבער־
הייסע קערפּער האָבען זיך פֿערשמאָלצען איינע
אין די אַנדערע, אום צו אָפּפֿערן דער הייליגער
גער געטין אַסטאַרטע. זי האָט אַלעס געזעהען,
זי ווייס אַלעס, דאָס שיקזאַל פֿון גאַנצע פֿעלקער
האָט זיך אָבגעשפּילט פֿאַר איהרע אויגען, אָבער
איהרע ליפּען זיינען געבליבען שטום ווי דאָס
גרויסע געהיימניס פֿון די יאָהרטויזענדע.

דאָס בוך דערמאָהנט אונז אין די רעטזעל־
האַפֿטע ספֿינקס־געשטאַלטען פֿון דעם בעלגישען
מאַלער פֿערנאַנד קהנאָפּף, וועלכע מען קען

מעהר ניט פֿערגעסען, ווען מען האָט זיי איינ־מאָל געזעהן. אַלע די מורא׳דיגע געהיימניסע, וועלכע ליגען בעהאַלטען אין דעם אָבגרונד פֿון דער מענשליכער זעעלע, שפּיגלען זיך אָב אין דיזע געשטאַלטען און בעריהרען אונזערע הער־צער מיט דערזעלבער דונקעלער קראַפֿט ווי די גליהענדע ווערטער און בילדער פֿון אָסקאַר וויילד׳ס געניאַלער דיכטונג. אָט ליגט זי פֿאַר אונז שטום און קאַלט ווי די עוויגקייט אַליין, אָבער אַן אינערליכע שטימע זאָגט אונז, אַז דיזע קעניגליכע רוהיגקייט איז ניט מעהר ווי בע־האַלטענע ליידענשאַפֿט, מיר פֿיהלען די אונ־בעזיעגבאַרע מאַכט פֿון יענעם העלישען פֿייער, וועלכעם פֿערברענט גאַנצע וועלטען, גאַנצע פֿעלקער — אָט דיזע קאַלטע ליפּען וואָלטען אונז געקענט ערקלעהרען דאָס עוויגע רעטהעניש, זיי וואָלטען אונז געקענט זאָגען דאָס בעפֿריי־ענדע וואָרט, אָבער זיי בלייבען שטום ווי דאָס אונפֿערמיידליכע שיקזאַל, און דיזעס בעוואוסטזיין מאַכט אונז טרויעריג און מעלאַנכאָליש. און דיזע מעלאַנכאָליק ליגט ווי אַ צאַרטער, דופּ־טיגער שלייער איבער וויילד׳ס פּאָעטישער שעפּ־פֿונג און דערמאָהנט אונז אין די פֿערגענגליכקייט פֿון אַלעם וואָס עקזיסטירט.

צוויי הויפּט־ערשיינונגען בילדען די גרונד־לאַגע פֿון אָסקאַר וויילד׳ס קינסטלערישער טהעטיגקייט: די שטאַרקע מאַניפֿעסטאַציאָן פֿון

דער אינדיווידואַליטעט און אַ ריין עסטעטיש־פילאָזאָפישע וועלט־אַנשויאונג. פאַר ווײַלד איז די קונסט אַלעס און איהר איינציגער פּרינציפּ איז די שעהנהייט. ער איז אַ שטאַרקער פערטהיידיגער פון דעם אַלט־גריכישען פּרינציפּ: „די קונסט פיר די קונסט!" פאַר איהם איז דאָס לעבען נאָר אַ מיטעל צו אַ קינסטליכען צוועק. אונזער גאַנצע קולטור איז ניט אַנדערש ווי אַ שטענדיגע פערוואַנדלונג פון דער נאַטור אין קינסטליכע פאָרמען. „דאָס לעבען ציעלט פיעל מעהר נאָכצומאַכען די קונסט, איידער די קונסט דאָס לעבען", זאָגט ווײַלר, „די אורזאַכע דערפון איז ניט נאָר דעם אינסטינקט פון לעבען נאָכצומאַכען, זאָנדערן דער פאַקט, אַז דער בעוואוסטער ציעל פון לעבען איז צו געפינען אַן אויסדרוק, און די קונסט גיט איהם געוויסע שעהנע פאָרמען, אום צו פערווירקליכען דיזען אינסטינקט."

דיזע עסטעטישע וועלטאַנשויאונג גיט דער קונסט פון ווײַלד אַ וואונדערבאַרען כאַראַקטער, און ווען זי גיסט זיך צונויף מיט דער נאַטירליכער פיינהייט און צאַרטקייט פון זיינע אינערליכע געפיהלע און עמפּפינדונגען, דאַן ענטשטעהען גרויסאַרטיגע בילדער פון אונבעשרייבליכער שעהנהייט. ווי הערליך זיינען אין דיזער בעציהונג זיינע קליינע ערצעהלונגען „דער גליקליכער פּרינץ", „די רויז און די נאַכ־

טיגאַל" אָדער „דאָס הויז פֿון די גראַנאַט־עפּעל".
ווי רייך און מעכטיג איז דאָרט די פֿאַנטאַזיע
פֿון דעם דיכטער און ווי וואונדערבאַר זיינען די
קאָלירען פֿון די בילדער, וועלכע ער שטעלט
אונז פֿאָר מיט אַ צויבערהאַפֿטער פֿאָלקאָמענהייט.
דיזע בילדער ווירקען ווי מוזיק אויף אונזערע
הערצער און פֿיהרען אונז אַוועק אין ווייטע,
אונבעקאַנטע לענדער. און ווי טיעף איז דער
געדאַנק אין יענער ערצעהלונג פֿון דעם יונגען
קעניג־זאָהן, וועלכער טרוימט אַז דער פּורפּור־
מאַנטעל און די קרוין פֿון די קעניגע זיינען
געמאַכט געוואָרען פֿון די בלוטיגע טרעהרען
און די אונענדליכע ליידען פֿון די מענשען, און
דערפֿאַר ענטזאַגט ער זיך דערפֿון אָן דעם טאָג,
ווען מען וויל איהם אויסרופֿען אַלס קעניג.

דאָרטען, וואו עס געלינגט דעם קינסטלער
צו געפֿינען אַ ריינען אויסדרוק פֿאַר יענע צאַרטע
מעלאַנכאָליק, וועלכע בעהערשט די טיעפֿסטע
און אינערליכסטע געפֿיהלע פֿון זיין נשמה, איז
די ווירקונג שטענדיג אַ געוואַלטיגע. זיכער,
ווילד בעזיצט אויך נאָך אַנדערע גלענצענדע
פֿעהיגקייטען, זיין שניידענדע איראָניע, זיין
ביטערער סאַרקאַזמוס, זיינע גייסטרייכע וואָרט־
שפּילערייען זיינען אַלגעמיין בעקאַנטע אייגענ־
שאַפֿטען, אָבער זיי וועלען קיינמאָל ניט
אַרויסרופֿען אַזעלכע טיעפֿע זעליגע עמפּפֿינ־
דונגען, און דערפֿאַר איז דער איינדרוק פֿון

זיינע אַלע ווערקע, אין וועלכע דער גייסטרייכער פֿערשטאַנד בעהערשט די מאַכט פֿון דעם גע־פֿיהל, קיין אויסערגעוועהנליכער. דאָס קענען מיר אַם בעסטען בעאָבאַכטען אין דיביידע דראַמען „אַן אידעאַלער מאַן" און „אַ פֿרוי אָהן וויכטיגקייט", זיי זיינען אויסערגעוועהנליך רייך אין גייסטרייכע איינפֿעלע, נאָר פֿון דעסטוועגען לאָזען זיי אונז קאַלט און רופֿען ניט אַרויס קיין טיעפֿערע ווירקונג.

אַ גאַנץ אַנדערן איינדרוק מאַכט אויף אונז די טראַגעדיע „די הערצאָגין פֿון פּאַדואַ", אָבוואָהל די טעכנישע זייטע פון דיזעם שטיק איז נאָך אין מאַנכע בעציהונגען אַ מאַנגעל־האַפֿטע. אָבער דאָס אינערליכע פֿייער, די ווילדע, דעמאָנישע ליידענשאַפֿט פֿון דיזעם ווערק, ווירקען אויף יעדען נערוו פֿון דעם צושויער און בלייבען אונפֿערגעסליך. אין דיזעם שטיק צייגט אונז ווילד די מענשליכע זעעלע אין איהרע אַלע מערקווירדיגע און רעטזעלהאַפֿטע פֿער־ענדערונגען. יעדער מענש איז אונטערוואָרפֿען צו דיזע פֿערענדערונגען פֿון זיין אינערליכען איך, און ער וועט קיינמאָל ניט זיין אימשטאַנד זיך אַליין גאַנץ צו בעגרייפֿען. אין דער זעעלע פֿון יעדען מענשען לעבט עפּעס פֿרעמדעס, אַ בעהאַלטענע מאַכט, וועלכע קען יעדען אויגענבליק צושטערען דאָס אינערליכע גלייכגע־וויכט פֿון אונזער זעליגער עקזיסטענץ. די מענש־

ליכע זעעלע איז דונקעל און געהיימניספאָל ווי דער ים, אַמאָל איז זי גלאַט ווי אַ שפּיגעל און שטראַהלט אים ליכט פֿון דער זון, און אַמאָל ווערט זי אויפגעקאָכט אין ווילדער ליידענשאַפט, און די געפֿיהלע הויבען אָן צו שטורמען, ביז וואַנען די פֿערברעכערישע טהאט שאַפֿט ווידער רוהע און ערלייזונג. בעאַטרימשע, די הערצאָגין פֿון פּאַדואַ, איז אַ וואונדערבאַרער צאַרטער און זאַנפֿטער כאַראַקטער, זי איז איינע פֿון יענע זעלטענע פֿרויען, וועלכע פֿערלירען קיינמאָל ניט זייער נאַטירליכע ריינקייט, זייער קינדליכע אונשולד. רוהיג און פֿרידליך געהט ביי איהר אוועק דאָס לעבען אין האַרמאָנישער גלייכ־מעסיגקייט. פּלוצלונג ערשיינט אים פּאַלאַסט אַ פֿרעמדער, גידאָ פֿעראַנטע, און צוויי זעעלען זוכען און געפֿינען זיך איינע די אַנדערע. אין גראַנדיאָזע בילדער פֿייערט דער דיכטער די ליידענשאַפֿטליכע ליעבע צווישען מאַן און ווייב. בעאַטרימשע ליעבט, ליעבט מיט יעדעם נערוו, מיט יעדעם טראָפּען בלוט, אָבער איהר זעעלע בלייבט ריין און קלאָהר, ביז צו דעם מאָמענט, ווען דאָס שיקזאַל וויל צושטעהרען איהר ליעבע. אַ ווילדע, וואַהנזיניגע פֿערצווייפֿלונג בעהערשט יעצט פּלוצלונג יעדעם געפֿיהל פֿון דער הער־צאָגין. דאָס איז ניט מעהר דיזעלבע בעאַט־רימשע, דאָס איז די לעבעדיגע פֿערקערפּערונג פֿון דעמאָנישע ליידענשאַפֿטען און בלוטיגע

אינסטינקטען, און זי טויטעט דעם אייגענעם מאַן, אום צו ראַטעווען איהר ליעבע. אָבער זאָגאַר אין דיזעם שרעקליכען מאָמענט בלייבט זי ריין און שולדלאָז, און גידאָ טרייסטעט איהר מיט די ווערטער: „דיין האַנד האָט בעגאַנגען אַ מאָרד, אָבער דיין האַרץ איז געווען ריין". מיר בעגרייפען די בלוטיגע טהאַט, מיר פיהלען איהר אינערליכע נויטווענדיגקייט, דען דער קינסטלער שטעלט אונז פאָר די מורא'דיגע קאָנוואולזיאָנען פון דער זעעלע מיט אַזא גע־געניאַלער מייסטערשאַפט, אַז מיר פערגעסען פלוצלונג יעדע מאָראַלישע בערעכנונג און בעטראַכטען דאָס גאַנצע ווי דעם אונפערמייד־ליכען אויסדרוק פון אַ נאַטירליכער קאַטאַס־טראָפע.

די העכסטע דראַמאַטישע פאָלקאָמענהייט האָט אָסקאַר ווײלד דערגרייכט אין זיין „סאַ־לאָמע." אַ דונקעלע, מורא'דיגע שטימונג ליגט ווי אַ שלייער אויף דעם גאַנצען שטיק און דערמאָהנט אונז אין די אונבעקאַנטע רעטהעניסע פון דער „ספינקס" אָדער אין די ערשטע דראַמען פון מאָריס מעטערלינק, אין וועלכע די אייביגע מאַכט פון דעם שיקזאַל ליעגט ווי אַ שווערע לאַסט אויף דער זעעלע פון מענשען. די איינ־צעלנע פיגורען שטעהען אַזוי דייטליך פאַר אונזערע אויגען ווי די מאַרמאָר־בילדער פון אַ סקולפטאָר, אָבער אונטער דיזע שטיינערנע

בילדער קאָכט אַ וואולקאַן פֿון ווילדע, איבער־
מענשליכע ליידענשאַפֿטען, דער וואַהנזין פֿון
מאָרד, וואָהללוסט און פֿערברעכען. דאָס שטיק
שפּילט זיך אָב אין דעם אַלטען אידישען קע־
ניגרייך אונטער דער הערשאַפֿט פֿון העראָדעס
אַנטיפּאַס, ווען פּאַלעסטינאַ איז געווען אונטער
דער אויבערהעררשאַפֿט פֿון די רוימער. דער
שטאָף איז גענומען פֿון דעם נייען טעסטאַמענט.
עס איז די צייט, ווען די העררשענדע קלאַסע
זוכט צו פֿערגעסען די רוימישע קנעכטשאַפֿט
דורך ווילדע אויסגעלאַסענע ימים טובים, וועלכע
פֿערביטערן די הערצער פֿון פֿאָלק און רופֿען
אַרוים די אונצופֿרידענהייט פֿון די ברייטע
מאַסען. און יאָהאַנעס, דער פּראָפֿעט, ערשיינט
אוז ה'ייבט אָן צו פּריידיגען צו די אָרעמע און
אונגליקליכע. „זיינע קליידער זיינען געמאַכט
פֿון קעמעל־האָר, און אַ לעדערנער גאַרטעל
רינגעלט אַרום זיין לייב. זיין שפּייז בעשטעהט
פֿון היישרעקען און ווילדען האָניג". מיט ליי־
דענשאַפֿטליכע ווערטער בראַנדמאַרקט ער די
אויסגעלאַסענהייט פֿון די מעכטיגטע און פּריי־
דיגט די אָרעמע, אַז דאָס רייך פֿון גאָט איז
מעהר ניט ווייט. ער אַטאַקירט דעם קעניג,
וועלכער האָט גענומען העראָדיאַס, זיין ברו־
דער'ס ווייב, און די מאַסע ווערט בעגייסטערט
פֿון זיינע רעבעלישע רייד און קוקט אויף איהם
מיט אַ פֿאַנאַטישער איבערגעבענהייט. דאָס

שטיק שפּילט זיך אָב, ווען יאָהאַנעס לעבט
שוין אַלס געפאַנגענער אין אַ הייל, וועלכע
ווערט בעוואַכט פון דעם קעניג׳ס זעלנער,
אָבער הערָאָדעס האָט מורא איהם צו טויטען,
דען ער ציטערט פאַר דיזעם ווילדען פריידיגער,
וועלכער האָט אַזאַ גרויסען איינפלוס אויף די
מאַסען. אָבער די גרויזאַמע הערָאָדיאַס פאָדערט
דאָס בלוט פון דעם פּראָפעט, וועלכער האָט
איהר פערפלוכט פאַר׳ן גאַנצען פאָלק און
אויפגעוויזען איהרע זינד. נאָר זי וויים, אַז זי
וועט אין דיזער בעציהונג קיין זאַך ניט אויס־
פיהרען ביי דעם קעניג און זי וואַרטעט, ביז
עס וועט קומען איהר צייט. מיט געניאַלער
קראַפט מאָלט דער קינסטלער אויס זיין גראַנ־
דיאָזעס בילד פון דעם הויף־לעבען, די גאַנצע
פערשטיקטע וואָלליסטישע אַטמאָספערע און
איהרע בעזונדערע כאַראַקטערע. און אין דיזער
אַטמאָספערע לעבט סאַלאָמע, הערָאָדיאַס׳ס
טאָכטער. זי אַליין איז ריין און איהר זעעלע
איז נאָך אונפערדאָרבען. איהר וואונדערבאַרע
שעהנהייט האָט ענטציקט דאָס האַרץ פון הע־
ראָדעס, מיט ליידענשאַפטליכע בליקען פער־
פאָלגט ער איהר קעניגליכע געשטאַלט, אָבער
זי אַליין בלייבט קאַלט און גלייכגילטיג און די
ליעבע איז פאַר איהר נאָך אונבעקאַנט. סאַלאָמע
איז אַ כאַראַקטער אין פולען זין פון וואָרט. זי
פעראַכטעט דאָס לעבען, וועלכעס רינגעלט איהר

ארום, אָבער זי ווייס ניט, אויב עס גיט עפּעס בעסערעס. אין אַ שעהנעם טאָג געהט זי פֿערביי די הייל פֿון דעם געפֿאַנגענעם פּראָפֿעט, און פּלוצלונג דערהערט זי זיינע רעטזועלהאַפֿטע ווערטער: „הערט אויף צו זינדיגען, דען דאָס רייך פֿון גאָט איז ניט וויים!“ זי האָט איהם קיינמאָל ניט געזעהן, נאָר זי ווייס, אַז ער האָט פֿערדאַמט איהר מוטער און פֿערפֿלוכט דעם קעניג. זיין שטימע מאַכט אויף זי אַ מערק־ווירדיגען איינדרוק, אַן אונבעשטימטע בייַנקעניס נעהמט דורך יעדען ווינקעל פֿון איהר נשמה, אַזעלכע ווערטער האָט זי נאָך קיינמאָל געהערט, אַן אונבעקאַנטע האַנד האָט פּלוצלונג בעריהרט די בעהאַלטענסטע סטרונעס פֿון איהרע אינער־ליכסטע געפֿיהלען, און זי פֿיהלט אין זיך דעם וואונש צו זעהען דעם מאַן, וועלכער קען רעדען אַזעלכע טיעפֿע, געהיימניספֿאָלע ווערטער. און יאָהאַנעס קומט אַרויס פֿון זיין קבר. סאַלאָמע ווערט בלאַס פֿון שרעק, זי קען דעם אַנבליק ניט דערטראָגען. אָט שטעהט ער פֿאַר איהר, דער פּראָפֿעט פֿון גאָט, ווילד, מורא'דיג ווילד ווי די אייביגע נאַטור. זיין געזיכט איז געל ווי וואַקס און אָבגעצעהרט ווי דער טויט, אין זיינע אויגען ברענט אַ פֿייער פֿון איבערמענשליכע ליידענשאַפֿטען, פֿון זיינע ליפּען רייסען זיך אַרויס ווילדע קללות, אָבער זי אַכטעט אויף קיין זאַך ניט, אַ גאַנץ נייער געפֿיהל האָט זיך

ביי איהר ערוועקט, די געשלעכטליכע ליידענ־שאַפֿט. אַ פֿיעבער נעהמט דורך יעדעס גליד פֿון איהר הערליכען קערפּער, זי ליעבט דיזען ווילדען מאַן, זי ליעבט איהם מיט אַ וואַהנזיניגען פֿערלאַנג, זי וויל איהם קושען, זיך צופּרעסען צו זיין אויסגעדאַרטען קערפּער; אָבער ער שטויסט איהר אַוועק פֿון זיך מיט אַ ווילדען פֿלוך און געהט צוריק אין זיין קבר. און סאַלאָמע בלייבט אַליין און שרייט מיט אַ וואַהנזיניגער ליידענשאַפֿט: „לאָמיך דיך קושען! לאָמיך דיך קושען!"

אָבער קיינער ענטפֿערט איהר ניט. און פּלוצלונג בעגרייפֿט זי אַלעס, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען. און איהר ווילדע ליידענשאַפֿט פֿערוואַנדעלט זיך אין אַ ביטערען, טויטליכען האַס. זי פֿיהלט ווי אַן אייז-קאַלטע האַנד לייגט זיך לאַנגזאַם אַרויף אויף איהר יונגעס האַרץ און פֿערלעשט דאָרט דעם לעצטען פֿונק פֿון ליעבע. און זי בעשליסט, אַז דער פּראָפֿעט מוז שטאַרבען.

אין דעם קעניגליכען הויף שפּילען זיך אָב רוישענדע ימים טובים. נאָר העראָדעס איז מיסגעשטימט, דונקעלע געפֿיהלע בעאונרוהיגען זיין האַרץ, און אום צו פֿערגעסען די מורא'דיגע עמפּפֿינדונגען בעט ער סאַלאָמע, זי זאָל טאַנצען פֿאַר איהם. און סאַלאָמע הויבט אָן צו טאַנצען. איהר געטליכער קערפּער ציטערט פֿון דעמאָנישע

ליידענשאַפטען. דאָס איז קיין געוועהנליכער טאַנץ, דאָס זיינען איבערנאַטירליכע בעוועגונגען, און דער קעניג פערלירט יעדע קאָנטראָלע איבער זיך, ויינע אויגען פערפאָלגען מיט וואהנזיניגע בליקען יעדע בעוועגונג, און בלינד פון ליידענשאַפט שווערט ער, אַז ער וועט איהר געבען, וואָס זי וועט נאָר פערלאַנגען פון איהם, און זאָל עס זיין אַ העלפט פון זיין קעניגרייך. עס ענטשטעהט אַ מורא׳דיגער מאָמענט, און ענדליך פאָדערט סאַלאָמע מיט קאַלטע ווערטער דעם קאָפּ פון דעם נביא. דער קעניג האָט ערוואַרטעט אַלעס, נאָר ניט דאָס, אָבער ער האָט געשוואָרען און קען ניט ברעכען זיין וואָרט. מיט איינינע מינוטען שפעטער ברייננט מען סאַלאָמע דעם בלוטיגען קאָפּ פון יאָהאַנעס. זי נעהמט איהם ביי די האָר און געהט אַרויס אין גאָרטען. דאָרטען, אין דער פינסטערניס וויל זי קושען די טויטע ליפען, וועלכע האָבען איהר פערפלוכט, ווען זי האָט געפאָדערט ליעבע. ווי אַ וואַהנזיניגע פרעסט זי איהרע יונגע הייסע ליפען אויף דאָס טויטע מויל פון דעם נביא. אָבער אין דיזעם מאָמענט פאַלט אַ ליכטשטראַהל אויף איהר געשטאַלט און דער קעניג זעהט די שווידערליכע סצענע... דיזער אַנבליק פערניכטעט פלוצלונג די ליעבע אין זיין האַרץ און מיט אַן אייז-קאַלטער שטימע גיט ער דעם בעפעהל איהר צו טויטען...

די ווירקונג פון דיזעם שטיק איז אונבע־שרייבליך, די עסטעטישע פיינהייטען זיינען וואונדערבאר און די וועלטאנשויאונג פון דעם קינסטלער איז גרויסארטיג ענטוויקעלט. די איינצעלנע כאראקטערע זיינען פארגעשטעלט מיט א פלאסטישער דייטליכקייט, איבערהויפט סאלאמע. אין איהר האט ווילד געשאפען א ט י פ פון אויסערגעוועהנליכער קראפט און ענערגיע. סאלאמע איז גרויס אין אלע איהרע האנדלונגען, און אויב מען וויל איהר ריכטיג אויפפאסען דארף מען, פערשטעהט זיך, ניט אנווענדען דעם געוועהנליכען מאסשטאב פון „גוט און שלעכט", זאנדערן די איינהייטליכע פארמע פון דעם גאנצען כאראקטער.

די ענגלישע טהעאטער־צענזור, איינע פון די מיטעל־אלטערליכסטע און רעאקציאנערסטע אינסטיטוציאנען אין גאנץ אייראפא, האט, פער־שטעהט זיך, ניט ערלויבט דאס שטיק אויפ־צופיהרען, צוליעב די „אונמאראלישע" און עראטישע סצענען, וועלכע קומען דערין פאר. אויף דיזע קליינגייסטיגע פיליסטער האט די „סאלאמע" געמאכט א מורא'דיגע ווירקונג, און מען קען פערשטעהן מיט וואס פאר אן ענערגיע זיי האבען זיך גענומען צו דער ארבייט, כדי צו ראטעווען די געזעלשאפטליכע מאראל, די זעלבע מאראל, וועלכע איז אין דער ווירקליכקייט ניט אנדערש ווי א סעריע פון קאנווענציאנעלע ליגענס און היפאקריטישע מאסקירונגען.

אַם טיעפּסטען האָט אָסקאַר ווײלד ענטוויי־קעלט דעם אינערליכען כאַראַקטער פֿון זיינע אַנשויאונגען אין דעם הערליכען ווערק „דאָס בילד פֿון דאָריאַן גרעי". דיזעס בוך איז אַ וואונדערבאַרע אילוסטראַציאָן פֿון דעם זעעליגען צושטאַנד, אין וועלכען דער מאָדערנער מענש געפֿינט זיך. דער טראַגישער קאַמפּף צווישען פֿערשטאַנד און געפֿיהל, וועלכער שפּילט אַזאַ בעדייטענדע ראָלע אין דעם לעבען פֿון דעם מאָדערנען מענשען, ווערט אין דיזעם ווערק מייסטערהאַפֿט פֿאָרגעשטעלט און דערמאָהנט אונז אָפֿטמאָל אין די דונקעלע זעעלען־שטי־מונגען פֿון דעם פּוילישען קינסטלער סטאַניסלאַוו פּשיבישעווסקי. דאָריאַן גרעי בעזיצט אַ וואונ־דערבאַרעס בילד, זיין אייגענעס פּאָרטרעט, און דיזעס בילד פֿערענדערט זיך, אַזוי ווי ער פֿער־ענדערט זיך אַליין. ער איז אַ מענש פֿון אַ קלאַסישער שעהנהייט, און דיזע פֿיזישע שעהנ־הייט בלייבט אין אַלע פּעריאָדען פֿון זיין לעבען דיזעלבע. דאָס לעבען פֿון דאָריאַן גרעי איז אַ גאַנצע סעריע פֿון ווילדע ליידענשאַפֿטען, אויסגעלאַסענהייטען און פֿערברעכען. ער געניסט זיין דאַזיין אין טויזענדער פֿערשידענע פֿאָרמען, דער גענוס איז זיין לעבענס־פּרינציפּ, ער נאַשט פֿון אַלע בלומען, נאָר ער איז קיינמאָל ניט צופֿרידען, זיין דעמאָנישער אינסטינקט טרייבט איהם אַלס ווייטער און ווייטער צו נייע פֿערגני־

גונגען און נייע ליידענשאַפֿטען. אָבער דיזעס ווילדע לעבען מאַכט ניט דעם קלענסטען איינ־דרוק אויף זיין פֿיזישען צושטאַנד, אין זיין געזיכט שפּיגעלט זיך אָב די אייביגע שעהנהייט פֿון דער יוגענד.

אָבער דאָריאַן גרעי האָט פֿערגעסען, אַז עס גיט נאָך אַ צווייטעס איך, אַ געהיימניספֿאָלער שפּיגעל פֿון דער זעעלע, וועלכער לאָזט זיך ניט טוישען דורך די פֿיזישע אויסערליכקייטען. די מענשען פֿערגעסען זיך מייסטענטהיילס אין דיזעס צווייטע אינערליכע איך, זיי האָבען מורא צו וואַרפֿען אַ בליק אין דעם געהיימניספֿאָלען שפּיגעל פֿון דער זעעלע; אָבער עס גיט גער־וויסע שטונדען אין מענשליכען לעבען, ווען די זעעלע פֿיהלט זיך אַזוי איינזאַם און פֿערלאָזען, ווייל זי פֿערלירט דעם אינטערעס פֿאַר יעדע פֿרעמדע ערשיינונג און בעשעפֿטיגט זיך נאָר מיט זיך אַליין. דיזע שטונדען זיינען זעלטען, אָבער זיי עקזיסטירען, און ווען זיי קומען, דאַן פֿיהלט דער מענש דעם שווערען אָטהעם פֿון דעם אייביגען שיקזאַל. אויך דאָריאַן גרעי וויים פֿון דיזע מאָמענטען, און דאַן דערמאָהנט ער זיך אין זיין בילד. אָבער דאָס איז פֿאַר איהם די ערגסטע קוואַל, דען דאָס בילד צייגט איהם מיט גרויזאַמער דייטליכקייט זיין זעעליגען צו־שטאַנד. זיין פֿיזישעס איך איז געבליבען יונג אין דעם שטורם פֿון ווילדע ליידענשאַפֿטען,

אָבער זיין זעעליגעס איך איז געוואָרען אַלט און שוואַך און אָבגעלעבט. ער קוקט אויף דאָס בילד, אָבער וואָס ער זעהט, דאָס איז ניט מעהר דער שעהנער, שטאָלצער דאָריאַן גרעי, זאָנדערן אַן אַלטער אָבגעלעבטער מאַן מיט פערוועלקטע באַקען און טיעפע קנייטשען אויף דעם שטערען. און די ציגע פון דעם בילד ווערען אַלס ערגער און אָבשרעקענדער און צולעצט זעהט גרעי ניט מעהר ווי אַ העסליכע קאַריקאַטור פון דעם וואָס ער איז אַמאָל געוועזן. און ער פיהלט די וואַהרהייט, די מורא'דיגע, שרעקליכע וואַהרהייט, ער ווייס, אַז דאָס בילד זאָגט איהם קיין ליגען ניט, זיין אויסערליכע געשטאַלט איז יונג און פריש, אָבער זיין נשמה האָט בעקומען גראָע האָר און זיין הארץ איז געוואָרען אַלט און פערטריקענט. און דיזע וואַהרהייט פערפאָלגט איהם טאָג און נאַכט, ער קען מעהר קיין רוהע ניט געפינען, דאָס מורא'דיגע בילד איז זיין בייזעס געוויסען, די אינערליכע שטימע, וועלכע לאָזט זיך ניט טוישען דורך די צופעליגקייטען פון דער אויסערליכער וועלט. און זיין האַס געגען דאָס בילד ווערט צולעצט אַזוי גרויס, אַז ער זוכט עס צו פער־ניכטען, אום זיך צו בעפרייען פון דעם שרעק־ליכען אַנבליק. אָבער דער שטאָהל, וועלכער צושטעהרט דאָס בילד, טרעפט זיין אייגענעם האַרץ. די צושטעהרונג פון דעם בילד איז דער זעלבסטמאָרד פון דאָריאַן גרעי.

דאָס ווערק דערמאָהנט אונז שטאַרק אין עדגאַר פּאָע'ס ערצעהלונג „וויליאַם ווילסאָן". נאָר אין פּאָע'ס ערצעהלונג פּיהלען מיר כמעט אויסשליך דעם איינדרוק פון שרעק און מורא, וועהרענד אין דאָריאַן גרעי שפּילען די עסטעטישע פיינהייטען און אַ טיעפע פילאָזאָפישע גרונד־אידעע די הויפּט ראָלע.

אין 1895 איז געקומען פאַר אָסקאַר ווײלד די קאַטאַסטראָפע. די אַפערע איז אַלגעמיין בעקאַנט, און דערפאַר דאַרפען מיר איהר דאָ ניט ווידערהאָלען. דער קינסטלער איז פערורטהיילט געוואָרען צו צוויי יאָהר „האַרד לייבור" וועגען האָמאָ־סעקסועלען פערקעהר מיט דעם יונגען לאָרד אַלפרעד דוגלאַס. דער גאַנצער פּראָצעס און דאָס אורטהייל איז איינע פון די שענדליכסטע האַנדלונגען, וועלכע מען קען זיך נאָר פאָרשטעלען. ווײלד איז איינפאַך פערניכטעט געוואָרען דורך דאָס אורטהייל. ער האָט אַלעס פערלאָרען און היפּאָקריטישע פערלעגער האָבען זיך זאָגאַר ענטזאַגט צו פערקויפען עפענטליך זיינע ביכער, אום ניט צו בעליידיגען די זאָגענאַנטע „מאָראַלישע געפיהלען" פון דער „בעסערער געזעלשאַפט". דער געפייערטער ליבלינג פון די מוזען, דער מאַן וועלכער איז געשטאַנען אָן דער שפּיצע פון דער מאָדערנער ענגלישער ליטעראַטור, איז פּלוצלונג געוואָרען אַן אָרעמער געפאַנגענער, פערורטהיילט צו

די שרעקליכסטע פיזישע און זעעליגע ליידען און שמערצען. און אין דיזעם צושטאַנד האָט ער געשריבען יענעם וואונדערבאַרע ווערק: „די באַלאַדע פון דעם געפענגנים אין רידינג". עס גיט ווייניג ליטעראַרישע ערשיינונגען, אין וועלכע דער מענשליכער שמערץ איז פאָרגעשטעלט געוואָרען מיט אַזאַ מאַיעסטעטישער פאָלקאָ־מענהייט, ווי אין דיזע הערליכע סטראָפען, וועלכע דער דיכטער האָט אַרויסגעגעבען אונ־טער דעם נאָמען פון זיין געפענגנים-נומער $C. 3. 3$ אין דיזער וואונדערבאַר שעהנער פאָעזיע פערשווינדען אַלע קלאַסען־אונטערשיידונגען פון דער אויסערליכער וועלט. דער דיכטער איז פעראייניגט מיט דעם מערדער, דער געמיינ־שאַפטליכער שמערץ מאַכט אַלעמען גלייך. קיינער, וואָס האָט געלעזען דיזעם קליינע ווערק, וועט מעהר ניט פערגעסען דעם יונגען סאָלדאַט, וועלכער האָט געטויטעט זיין געליבטע, דערפאַר ווייל ער האָט איהר אַזוי שטאַרק געליבט. די ריכטער האָבען איהם פעראורטהיילט צום טויט און ער פערברייגגט זיינע לעצטע טעג אים געפענגנים פון רידינג. אָסקאַר ווילד בעשרייבט דיזע לעצטע סצענען פון אַ פערלאָרענעם מענשען־לעבען מיט אַזאַ געוואַלטיגער דראַ־מאַטישער קראַפט, אַז יעדעם וואָרט ברענט זיך אַריין אין דער זעעלע ווי אַ הייליגעם פייער יעדען טאָג בעטראַכטען די געפאַנגענע דעם

יונגען סאָלדאַט מיט מורא'דיגע בליקען; זיי ווייסען, אַז ער מוז שטאַרבען און זייערע הערצער הויבען אָן צו וויינען מיט בלוטיגע טרעהרען. אין ווען עס קומט די לעצטע נאַכט, דאַן שלאָפט קיינער ניט אים געפענגנים. דער שרעק און די פערצווייפלונג האָט זיך אַרויפגעלעגט אויף אַלע הערצער און די אַלטע פערברעכער וויינען און בעטען, יעדער איינציגער בעזונדער אין זיין צעלע, ווי קליינע אונשולדיגע קינדער. און ווי אונבעשרייבליך שעהן איז דער מאָטיוו פון דעם גאַנצען געדיכט.

Yet each man kills the thing he loves,
By each let this be heard:
Some do it with a bitter look,
Some with a flattering word,
The coward does it with a kiss,
The brave man with a sword!

ווען דער דיכטער איז אַרויס פון קערקער האָט ער באַלד פערלאָזען ענגלאַנד און איז אַוועק קיין פראַנקרייך. דאָרטען האָט ער געלעבט אונטער דעם נאָמען סעבאַסטיאַן מעלמאָטה, איינזאַם און כמעט פערלאָזען פון אַלעמען. אויך זיינע מאַטעריעלע אומשטענדע זיינען געוועזען זעהר שלעכטע, און דערזעלבער מאַן, וועלכער האָט פריהער געלעבט אין גוטע פערהעלטניסע, האָט פערבראַכט זיינע לעצטע פאָר יאָהר אין אָרעמקייט און עלענד. אין 1900 איז אָסקאַר

ווילד געשטאָרבען. זיין ביטערער שיקזאַל און די שרעקליכע קערפּערליכע און זעעליגע ליידען, וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט אין געפֿענגנים, האָבען איהם צובראָכען. נאָך זיין טויט האָט מען נאָך אַרויסגעגעבען זיין „דע פּראָפֿונדים", אַ בוך פֿון אַ געוואַלטיגער קראַפֿט און שעהנהייט.

אָסקאַר ווילד איז אַליין א דראַמאַטישע פֿיגור אין דער מאָדערנער קונסט, זיין שרעקליכעס שיקזאַל האָט איהם געמאַכט צו אַן אמת'ען מערטירער, און דער מאַן, וועלכער האָט אָנגע־שריבען מיט זיין הערצענסבלוט יענע הערליכע סטראָפֿען אין קערקער, וועט שטענדיג לעבען אין אונזערע הערצער אַלס דער „אַרעסטאַנט פֿון רידינג".

ר. ר.

# די רויז און די נאכטיגאל.

— אַז איך וועל איהר ברייננען אַ רויטע רויז, וועט זי געהן מיט מיר טאַנצען; אַזוי האָט זי מיר אויסדריקליך געזאָגט. אָבער וואָס זאָל איך טהאָן, אַז אין מיין גאַנצען גאָרטען איז קיין איינציגע רויז ניט צו געפינען?

אַזוי האָט געקלאָגט דער יונגער סטודענט.

די נאַכטיגאַל האָט עס דערהערט אין איהר נעסט אויף דעם גרויסען אייכען־בוים, און מיט נייגיריגע בליקען האָט זי אַראָבגעקוקט דורך די בלעטער צו איהם.

— ניטאָ קיין רויטע רויז אין גאַנצען גאָרטען, — האָט ער אויסגערופען, און זיינע שעהנע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרעהרען. — פון וואָס פאַר קליינינקייטען דאָס גליק הייננט אָב! איך האָב געלעזען אַלצדינג וואָס די קלוגע מענער האָבען געשריבען; אַלע געהיימניסע פון דער פילאָזאָפיע האָב איך דורכגעפאָרשט, און דאָך בין איך אַן אונגליקליכער מענש, נור

דערפֿאַר ווייל איך האָב קיין רויטע רויז ניט.

די נאַכטיגאַל האָט זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און האָט געזאָגט:

— ענדליך זעה איך דאָך אַמאָל אַן אמת'ן ליבהאָבער. נאַכט פֿאַר נאַכט האָב איך פֿון איהם געזונגען, כאָטש איך האָב איהם ניט געקענט; נאַכט פֿאַר נאַכט האָב איך די שטערען זיין געשיכטע דערצעהלט, און איצט זעה איך איהם אַ לעבעדיגען פֿאַר מיינע אויגען. זיינע האָר זיינען דונקעל ווי אַ היאַצינטע און זיינע ליפען רויט ווי די רויז, וועלכע ער זוכט. אָבער די זעהנזוכט, דער בייַנקענדער שמערץ האָט זיין פּנים בלאַס געמאַכט ווי עלפֿען-ביין און דער טרויער האָט זיין פֿריילכקייט פֿערטריבען.

— מאָרגען אָוועגד גיט דער פּרינץ אַ באָל,— האָט דער יונגער סטודענט גערעדט פֿאַר זיך— און מיין געליעבטע וועט דאָרט זיין. אַז איך וואָלט איהר געקענט ברייַנגען אַ רויטע רויז, וואָלט זי מיט מיר ביז'ן בעגינען צו טאָג גע־טאַנצט. אַז איך וואָלט איהר אַ רויז געבראַכט, וואָלט איך איהר געקענט האַלטען אין מיינע אָרעמס, און זי וואָלט איהר שעהנעם קאָפּ אויף מיינע אַקסלען אָנגעשפּאַרט, און די זיסע האַנד איהרע וואָלט אין מיין האַנד געלעגען. אָבער אין מיין גאָרטען איז ניטאָ קיין רויטע רויז; דערום וועל איך בלייבען פֿערלאָזען, פֿערשטוי־סען! קאַלטבליטיג וועט זי פֿערבייגעהן פֿערביי

מיר; זי וועט זיך אפילו ניט אומקוקען אויף מיר, און מיין הארץ וועט צופלאצט ווערן.

— אט דאס הייסט אן אמת'ער ליעבהאָבער! — האט די נאַכטיגאַל געזאָגט. — ער לעבט איבער און ליידעט דורך דאס, וועגען וואס איך זינג; מיר מאַכט עס פערגניגען, איהם—שמערצען. וואס פאַר א וואונדערבאַרע זאַך די ליעבע איז! זי איז הערליכער פון די הערליכסטע בריליאַנטען און טהייערער פון די שעהנסטע סאַפירען. ניט מיט פערעל און דיאַמאַנטען קען מען זי קויפען; מען קען זי אויך פאַר קיין פרייז ניט קריגען אויף'ן מאַרק. די סוחרים קענען מיט איהר קיין האַנדעל ניט מאַכען, און עס איז ניטאָ אַזוי פיעל גאָלד אויף דער וועלט זי אָבצואוועגען.

— די מוזיקער וועלען זיך אויסזעצען אויף דער גאַלעריע, — האט דער יונגער סטודענט געזאָגט; — זיי וועלען אויפשפיעלען אַ ניגון צום טאַנץ, און מיין געליעבטע וועט טאַנצען נאָך'ן קלאַנג פון דער האַרף און פון פידעל. זי וועט טאַנצען אַזוי לייכט, אַז איהרע פיס וועלען קוים בעריהרען די ערד, און די הויפלייט אין זייערע העלע קאָסטיומען וועלען זיך אַרומדרעהען אַרום איהר. מיט מיר אָבער וועט זי ניט טאַנצען, ווייל איך קען איהר ניט געבען קיין רויטע רויז...

און ער האט זיך אַנידערגעוואָרפען אויף'ן

גראָז, דעם פּנים פֿערגראָבען אין די הענד, און האָט געוויינט.

— פֿאַרוואָס וויינט ער? — האָט געפֿרעגט אַ קליינע גרינע יאַשטשערקע, וועלכע איז פֿער־בייגעפֿלויגען פֿערביי איהם.

— יאָ, פֿאַרוואָס וויינט ער? — האָט איין בלימעלע געפֿרעגט דער צווייטער אין דער שטיל.

— ער וויינט ווייל ער קען ניט קריגען אַ ריכטיגע רויטע רויז, — האָט די נאַכטיגאַל געזאָגט.

— צוליעב אַ רויטע רויז? — האָבען זיי אַלע אַ געשריי געטהאָן — ווי לעכערליך!...

און די קליינע יאַשטשערקע האָט אַרויסגע־פּלאַצט מיט אַ ציניזשען געלעכטער.

נור די נאַכטיגאַל האָט פֿערשטאַנען דעם סטודענט. נור זי האָט זיין ביטער האַרץ גע־פֿיהלט, און שטילערהייט איז זי געזעסען אויף איהר בוים און האָט נאָכגעדיינקט איבער דעם סוד פֿון דער ליעבע.

מיט אַמאָל האָט זי אויסגעשפּרייט איהרע ברוינע פֿליגעל און האָט זיך אַ לאָז געטהאָן אין דער הויך. ווי אַ שאָטען האָט זי דורכגע־שניטען דעם גאָרטען.

אין מיטען גאָרטען איז געשטאַנען אַ שעהנער רויזען־בוים, און ווען די נאַכטיגאַל האָט איהם דערזעהן איז זי צוגעפֿלויגען צו איהם.

— אַז דו וועסט מיר געבען אַ רויטע רויז, האָט זי געזאָגט — וועל איך דיר זינגען מיין שעהנסטעס ליעד.

אָבער דער בוים האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— מיינע רויזען זיינען וויים, — האָט ער געזאָגט — אַזוי וויים ווי דער שוים פֿון די כוואַליעס און ווייסער פֿון׳ם שנעע אויף די בערג. געה צו מיין ברודער, דעם בוים וואָס שטעהט דאָרט, לעבען דעם אַלטען זייגער, אפשר וועט ער דיר געבען דאָס וואָס דו פֿער־לאַנגסט.

און די נאַכטיגאַל איז אַריבערגעפֿלויגען צו דעם רויזענבוים וואָס איז געשטאַנען לעבען דעם אַלטען, גרויסען זייגער.

— גיב מיר אַ רויטע רויז, — האָט זי זיך געבעטען — און איך וועל דיר זינגען מיין זיסעסטעס ליעד.

אָבער דער בוים האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— מיינע רויזען זיינען געל, — האָט ער געענטפֿערט — אַזוי געל ווי די האָר פֿון דער ים־קעניגין וואָס זיצט אויף אַ בורשטינענעם טראָהן, און געלער פֿון די געלסטע בלומען וואָס וואַקסען אין פֿעלד. אָבער זעהסט דו מיין ברו־דער דאָרט, אונטער דעם סטודענט׳ס פֿענסטער?

געה צו איהם, פיליכט קען ער דיר געבען וואָס דו דאַרפסט.

און די נאַכטיגאַל איז אַריבערגעפלויגען צום רויזען־בוים וואָס איז געשטאַנען אונטער דעם סטודענט'ס פענסטער.

— אַז דו וועסט מיר געבען אַ רויטע רויז, — האָט זי געזאָגט — וועל איך דיך אונטער־האַלטען מיט מיין שעהנסטען ליעד.

אָבער אויך דיזער בוים האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— מיינע רויזען זיינען רויט — האָט ער געענטפערט — אַזוי רויט ווי די פיס פון דער טויב און נאָך רויטער. אָבער דער ווינטער האָט פערגליווערט מיינע אָדערן, דער פראָסט האָט געמאַכט אַ תל פון מיינע בליטהען, דער שטורם האָט צובראָכען מיינע צווייגען, און איך וועל אַ גאַנץ יאָהר קיין רויזען ניט האָבען אויף מיר.

— אַ רויטע רויז — דאָס איז אַלעס וואָס איך וויל,—האָט די נאַכטיגאַל זיך געבעטען— איין איינציגע רויז! איז ווירקליך ניטאָ קיין מעגליכקייט זי צו קריגען?

— עס איז אפילו יאָ דאָ אַ מעגליכקייט,— האָט דער בוים געענטפערט — אָבער זי איז אַזוי שרעקליך, אַז איך האָב קיין האַרץ ניט זי דיר צו זאָגען.

— זאָג, זאָג, — האָט זיך די נאַכטיגאַל געבעטען — זאָג, איך האָב קיין מורא ניט.

— אויב דו ווילסט האָבען אַ רויטע רויז, — האָט דער בוים געזאָגט, — מוזט דו זי ביי'ן שיין פון דער לבנה בעשאַפען דורך דיין געזאַנג, און מיט'ן בלוט פון דיין האַרצען מוזט דו זי אָנטרינקען. דיינע ליעדער מוזט דו מיר זינגען, און בשעת מעשה אָנשפאַרען דיין ברוסט אויף אַ שפּיציגען דאָרן. די גאַנצע נאַכט מוזט דו זינגען, און די גאַנצע נאַכט מוזט דו אָנשפּאַרען דיין ברוסט אָן דאָרן, אַזוי טיעף, ביז וואַנען דיין לעבענס־בלוט זאָל פליסען אין מיינע אָדערן און זאָל ווערען מיין אייגען בלוט.

— דער טויט איז אַ צו הויכער פּרייז פאַר אַ רויטע רויז, — האָט די נאַכטיגאַל אויס־גע־רופען — און דאָס לעבען איז טהייער פאַר אַלעמען צוגלייך. ווי גוט איז עס צו זיצען אויף'ן גרינעם בוים און צו קוקען ווי די זונן פאָהרט אין איהר גילדערנעם און די לבנה אין איהר זילבערנעם וואָגען! ווי זים איז דער ריח פון די בלומען וואָס בליהען אין טהאָל, און פון'ם גראָז וואָס וואַקסט אויף'ן באַרג! אָבער נאָך שעהנער פון'ם לעבען איז די ליעבע, און וואָס פאַר אַ בעטרעף האָט דאָס האַרץ פון אַ פויגעל אַנטקעגען אַ מענשען־האַרץ?

און זי האָט אויסגעשפּרייט איהרע ברוינע פליגעל און איז אַרויף אין דער הויך. ווי אַ שאָטען האָט זי דורכגעשניטען דעם גאָרטען.

דער יונגער סטודענט איז נאָך געלעגען אין

גראָז פונקט ווי זי האָט איהם געלאָזען, און די טרעהרען האָבען זיך נאָך ניט אויסגעטריקענט אין זיינע שעהנע אויגען.

— זיי גליקליך! — האָט די נאַכטיגאַל אויס־גערופען — זיי גליקליך; דו וועסט האָבען דיין רויטע רויז. ביים שיין פון דער לבנה וועל איך זי דיר בעשאַפען און אָנטרינקען וועל איך זי מיט מיין הערצענס־בלוט. אַלעס וואָס איך פערלאַנג פון דיר דערפאַר איז דו זאָלסט בליי־בען טריי דער ליעבע; מחמת די ליעבע איז קליגער פון דער פילאָזאָפיע, וועלכע איז דאָך שוין קלוג גענוג און זי איז מעכטיגער פון גאָט, וועלכער איז דאָך שוין מעכטיג גענוג. איהרע אויגען גליהען ווי פלאַמען, און ווי איין שטיק פייער איז איהר קערפער. איהרע ליפען זיינען ווי האָניג זיס, און איהר אָטהעם שמעקט ווי ווייה־רויך.

דער סטודענט האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון גראָז און האָט זיך צוגעהערט, אָבער ער האָט ניט געקענט פערשטעהן וואָס די נאַכטי־גאַל האָט איהם געזאָגט, מחמת פערשטאַנען האָט ער נור אַזעלכע זאַכען וואָס שטעהען אין די ביכער.

אָבער דער אייכען־בוים האָט איהר פער־שטאַנען און ער איז געוואָרען זעהר טרויעריג, ווייל ער האָט זעהר ליעב געהאַט די נאַכטיגאַל, וועלכע האָט איהר נעסט אין זיינע צווייגען.

— לאָמיר כאָטש נאָך איינמאָל הערען דיין ליעד,— האָט ער זיך ביי איהר געבעטען. — איך יועל זיך דאָך פֿיהלען אַזוי איינזאַם, ווען דו וועסט אַוועקגעהן, אַוועקגעהן אויף אייביג.

און די נאַכטיגאַל האָט איהם געזונגען איהר שעהנסטעס ליעד, און איהרע טרעלען האָבען זיך צוגאָסען ווי פֿריש וואַסער פֿון אַ זילבער־נעם קרוג.

אַז זי האָט געענדיגט זינגען, איז דער סטו־דענט אויפֿגעשטאַנען און האָט אַרויסגענומען פֿון זיין טאַש אַ נאָטיץ-ביכעל און אַ בלייפֿעדער.

— זינגען זינגט זי שוין גאָר גוט, — האָט ער זיך געטראַכט, שפּאַצירענדיג איבער'ן גאָר־טען—דאָס קען מען פֿון איהר ניט צונעהמען; אָבער צי פֿיהלט זי אויך וואָס זי זאָגט? אַה, ניטאָ וואָס מורא צו האָבען! זי איז פּונקט ווי דאָס רוב קינסטלער: שעהנע פֿראַזען אָהן אַ שפור פֿון אויפֿריכטיגקייט. זי וועט זיך קיינמאָל ניט קענען אָפּפֿערן פֿאַר איינעם. זי האָט נור די מוזיק אין זינען, און יעדער איינער ווייס וואָס פֿאַר עגאָאיסטען די קינסטלער זיינען. אָבער דאָך זיינען דאָ עטליכע וואונדערבאַרע סטרונעס אין איהר שטימע. אָך, ווי טרויעריג עס איז וואָס מעהר ווי זינגען קען זי ניט, און זי קען קיינעם קיין נוצען דערמיט ניט ברייג־גען...

אַזוי האָט זיך דער סטודענט געטראַכט און

איז אַריין צו זיך אין צימער, וואו ער האָט זיך געלייגט אויף זיין נידריגען געלעגער, אום נאָכ־צודיינקען וועגען דער ליעבע; אָבער ער איז גלייך אַנשלאָפען געוואָרען.

און אַז די לבנה איז אַרוים אויף'ן הימעל, איז די נאַכטיגאַל צוגעפלויגען צום רויזען־בוים און האָט אָנגעשפאַרט איהר ברוסט אָן דאָרן. די גאַנצע נאַכט האָט זי ניט אויפגעהערט צו זינגען און צו פרעסען איהר ברוסט אָן דאָרן; און די קריסטאָל ווייסע, קאַלטע לבנה האָט זיך אָנגעבויגען צו איהר און האָט זיך צוגעהערט צו איהר געזאַנג. יאָ, די גאַנצע נאַכט נאָכאַנאַנד האָט זי געזונגען, און אַלץ טיעפער און טיעפער איז דער דאָרן אַריין אין איהר ברוסט, און דאָס בלוט פון איהר האַרצען האָט לאַנגזאַם געטריפט; טראָפען־ווייז האָט עס געטריפט.

און געזונגען האָט זי צוערשט פון דער ליעבעס־געבורט: ווי אַזוי די ליעבע איז געבוירען געוואָרען אין די הערצער פון אַ יונגען מאַן און אַ יונג מיידעל. און אויף דעם העכסטען צווייג פון'ם רויזען־בוים האָט אַרויסגעשפּראָצט אַ וואונדערבאַרע רויז; איין בלעטעל איז געקומען נאָך'ן צווייטען, פונקט ווי איין ליעד האָט זיך אַרויסגעגאָסען נאָך'ן צווייטען פון דער נאַכטיגאַל'ס האַלז. אין אָנהויב איז די רויז געווען בלאָס ווי דער טומאַן וואָס הייננט איבער'ן טייך — אַזוי בלאַס און זילבער־גלאַנציג ווי

דער אויפֿגאַנג פֿון מאָרגען. ווי דער שאָטען פֿון אַ רויז וואָס פֿאַלט אויף אַ זילבערנעם שפּיגעל, אַזוי האָט אויסגעזעהן די רויז, וועלכע האָט אַרויסגעשפּראָצט אויף דעם העכסטען צווייג פֿון בוים.

אָבער דער בוים טרייבט צו די נאַכטיגאַל, שטאַרקער צו פּרעסען און דריקען איהר ברוסט אָן דאָרן.

„דריק שטאַרקער, טיעפֿער דיין ברוסט, סאָלאָוויטשיקעל,“ האָט דער בוים געזאָגט, „אַניט קען נאָך אָנקומען דער טאָג, איידער די רויז וועט זיין פֿאַרטיג...“

און אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער האָט די אָרעמע נאַכטיגאַל געפּרעסט איהר ברוסט אָן דאָרן, און אַלץ העכער און העכער האָט אָבגעקלונגען איהר געזאַנג. מחמת איצט האָט זי די געבורט פֿון דער ליידענשאַפֿט בעזונגען: ווי די ליידענשאַפֿט איז געבוירען געוואָרען אין דער זעעלע פֿון אַ יונגען מאַן און אַ יונג מיידעל.

און די בלעטער פֿון דער רויז האָבען גענומען ווערען רויטליך, ווי די רויטע פֿאַרב וואָס קומט דעם חתן אין פּנים אַריין, בשעת ער קושט די ליפּען פֿון זיין כלה. אָבער דער דאָרן איז נאָך ניט צוגעקומען צו איהר האַרץ, און דערפֿאַר איז אויך דאס האַרץ פֿון דער רויז געבליבען ווייס; מחמת נור דאָס בלוט פֿון אַ נאַכטיגאַל'ס האַרץ קען רויט מאַכען דאָס האַרץ פֿון אַ רויז.

און דער בוים טרייבט אונטער די נאַכטיגאַל זיך צו דריקען פעסטער, טיעפער אין דעם דאָרן.

„דריק שטאַרקער, גיכער, סאָלאָווייטשיק טהייערער," זאָגט דער בוים, „אַניט קומט נאָך דער טאָג אָן, איידער די רויז איז פאַרטיג."

און אַלץ ענגער און פעסטער האָט זיך ד נאַכטיגאַל געשפאַרט און געדריקט אויף דעם דאָרן; און דער דאָרן האָט ענדליך דערגרייכט איהר האַרץ, און אַ מורא'דיגער שמערץ האָט דורכגענומען איהר קערפער. די שרעקליכסטע יסורים האָט זי אַריבערגעטראָגען. און אַלץ מעכטיגער און פייעריגער איז געוואָרען איהר געזאַנג; ווייל זי האָט איצט געזונגען פון דער ליעבע, וועלכע ווערט געקרוינט דורך'ן טויט, פון דער ליעבע, וועלכע שטאַרבט ניט אין קבר...

און די וואונדערבאַרע רויז איז געוואָרען רויט, אַזוי רויט ווי די רויטקייט פון דעם מאָרגען־הימעל. בלוט־רויט זיינען איהרע אויסערליכע בלעטער געווען, און רויט ווי אַ רובין — איהר האַרץ.

אָבער די שטימע פון דער נאַכטיגאַל איז געוואָרען שוואַכער און שוואַכער, און איהרע קליינע פליגלען האָבען אָנגעפאַנגען ציטערן, און איהרע אויגען זיינען מיט אַמאָל פינסטער געוואָרען. אַלץ שוואַכער און שוואַכער איז גע־

וואָרען איהר געזאַנג און זי האָט דערפיהלט א שטעכענדען ווייטאָג אין האַלז.

דאַן האָט זי אַרויסגעלאָזט דעם לעצטען טרעל, דעם לעצטען טאָן. די בלאַסע לבנה האָט עס געהערט, און זי האָט גאָר פערגעסען, אַז דער מאָרגען קומט אָן, און זי איז נאָך פערבליבען אויף'ן הימעל. אויך די רויטע רויז האָט עס געהערט. זי האָט אַ ציטער געטהאָן פאַר שרעק און האָט פאַנאַנדערגעעפענט איהרע קעלכ־בלעטלעך אין דער קאַלטער מאָרגענלופט. און דער ווידערקלאַנג האָט פערטראָגען דעם טאָן, דעם לעצטען זיפץ פון דער נאַכטיגאַל אויף די בערג, און האָט אויפגעוועקט די פאַסטוכער פון זייערע חלומות. ביז צו די גראָזען פון ברעג טייך איז ער געקומען, דער לעצטער טאָן, און פון דאָרטען איז ער געגאַנגען ווייטער און וויי־טער ביז צום ים.

„זעה נאָר!" האָט דער בוים אויסגערופען, „די רויז איז פאַרטיג!"

אָבער די נאַכטיגאַל האָט ניט געענטפערט; אַ טויטע איז זי געלעגען אין גראָז, מיט דעם שפיציגען דאָרן אין האַרצען.

און אַרום מיטאָג־צייט האָט דער סטודענט אויפגעעפענט זיין פענסטער און האָט אַרוים־געקוקט אין גאָרטען.

„וואָס פאַר אַ גליקליכער צופאַל!" האָט ער מיט שמחה אויסגערופען, „אַ רויטע רויז! קיין

שעהנערע רויז פֿון דער האָב איך אין מיין לעבען ניט געזעהן.״

און גלייך האָט ער ארויפֿגעכאַפּט דעם הוט אויף׳ן קאָפּ און איז אַוועקגעלאָפֿען צום פּראָפֿעסאָר אין הויז, מיט דער רויז אין דער האַנד.

דעם פּראָפֿעסאָר׳ס טאָכטער איז געזעסען ביים טויער פֿון הויז און האָט אַרויפֿגעוויקעלט בלויע זייד אויף אַ קלעצעל, און איהר קליינער הונד איז געלעגען לעבען איהרע פֿיס.

„דו האָסט געזאָגט, אַז דו וועסט טאַנצען מיט מיר, אויב איך וועל דיר נור ברייגען אַ רויטע רויז,״ האָט דער סטודענט מיט פֿרייד געזאָגט, „נאַ, אָט האָסטו די רויטסטע רויז וואָס איז נור דאָ אויף דער וועלט. דו וועסט זי היינט אָוועגד טראָגען אויף דיין ברוסט, און בשעת מיר וועלען טאַנצען צוזאַמען, וועט זי דיר דערצעהלען, ווי היים איך ליעב דיך.״

אָבער דאָס מיידעל האָט פֿערקנייטשט דעם שטערן.

„איך האָב מורא, אַז מיינע קליידער זיינען ניט אין אָרדנונג,״ האָט זי געענטפֿערט, „און אַחוץ דעם האָט מיר דער פּלימעניק פֿון דעם קאַמער־הערר געשיקט אַ קעסטעלע מיט דיאַ־מאַנטען, און דאָס ווייס דאָך יעדער, אַז דיאַ־מאַנטען קאָסטען עפּעס מעהר ווי בלומען...״

„אָט דאָס הייסט אונדאַנקבאַר געווען!״ האָט דער סטודענט אויסגערופֿען מיט צאָרן, און האָט

אַ שליידער געטהאָן די רויז אין גאַס, וואו אַ וואָגען איז גלייך אַריבערגעפֿאָהרען איבער איהר און האָט איהר צוריבען אויף שטיקלאַך...

„אונדאַנקבאַר!" האָט זיך דאָס מיידעל צו־בייזערט, „דאָס הייסט גראָב געווען! וואָרום ווער ביסטו דען נאָך אַלעמען? ניט מעהר ווי אַ סטודענט. און זילבערנע שנירלאַך אויף די שיך האָסט דו דען, ווי דעם קאַמער־הערר'ס פלימעניק, האַ?..."

און דאָס זאָגענדיג איז זי מיט כעס אויפֿגע־שטאַנען און איז אַריין צו זיך אַהיים.

„וואָס פֿאַר אַ נאַרישע זאַך די ליעבע איז!" האָט דער סטודענט געזאָגט אַהיים געהענדיג. „זי איז אפילו קיין העלפֿט ניט אַזוי ניצליך ווי די לאָגיק, מחמת זי בעווייזט גאָרניט און זי דערצעהלט אונז שטענדיג פֿון אַזעלכע זאַכען, וועלכע קומען קיינמאָל ניט פֿאָר, און הייסט אונז גלויבען אין זאַכען, וועלכע זיינען פֿאַלש. זי איז אַן אונפּראַקטישע איינפֿיהרונג, אין אַזוי ווי היינט צו טאָג גילט נור דאָס וואָס איז פּראַקטיש, וועל איך זיך בעסער נעהמען צו דער פֿילאָזאָפֿיע און וועל אָנפֿאַנגען שטודירען — מעטאַפֿיזיק."

ער איז אַוועק אַהיים, האָט אַרויסגענומען פֿון שאַפֿע אַ גרויסען בוך, פֿול מיט שטויב, און האָט זיך אַוועקגעזעצט לייענען.

# דער עגאאיסטישער ריעז.

יעדען נאָכמיטאָג, אַז די קינדער פלעגען קומען פון שולע, זיינען זיי אַוועק צום ריעז אין גאָרטען, זיך שפּיעלען.

אַ גרויסער, ליעבליכער גאָרטען איז עס געווען, מיט ווייכע גרינע גראָז. צווישען גראָז, דאָ און דאָרט, זיינען געשטאַנען וואונדערבאַרע בלומען, וואָס האָבען אויסגעזעהן ווי שטערן. אַחוץ דעם האָבען זיך דאָרט געפונען צוועלף בוימער מיט פערישקעס. פריהלינג-צייט זיינען זיי געווען בעדעקט מיט צאַרטע, רויטליכע בליהונגען און אין הערבסט האָבען זיי אַרויס-געגעבען פאַרטיגע, געשמאַקע פירות. די פויגעל זיינען זיך געזעסען אויף די בוימער און האָבען געזונגען אַזוי זיס, אַז די קינדער האָבען אָפט אויפגעהערט צו שפּיעלען און זיך צוגעהערט צום געזאַנג.

„ווי גליקליך מיר זיינען!" האָבען זיי איינער צום אַנדערען געזאָגט.

איינמאָל אין אַ שעהנעם טאָג, איז דער ריעז געקומען אַהיים. ביי זיין פֿריינד, דעם מענ־שענפֿרעסער איז ער געווען צו גאַסט און איז ביי איהם פֿערבליבען גאַנצע זיעבען יאָהר. און אַז די זיעבען יאָהר זיינען אַריבער, האָט ער גראָד אָבגעזאָגט אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגען; פלוידערען סתם אין דער וועלט אַריין האָט ער קיין צייט ניט געהאַט, און ער האָט זיך באַלד געלאָזט אויף דער רייזע אַהיים.

אַהיים קומענדיג דערזעהט ער, ווי די קינדער שפיעלען זיך ביי איהם אין גאָרטען.

„וואָס טהוט איהר דאָ?" האָט ער זיך אויף זיי צובייזערט מיט אַ זעהר גראָבען טאָן, און די קינדער זיינען זיך צולאָפֿען.

„מיין אייגענער גאָרטען איז מיין אייגענער גאָרטען," האָט דער ריעז געזאָגט. „דאָס דאַרף יעדער איינער וויסען, און קיינער חוץ מיר טהאָר זיך דאָ ניט שפיעלען."

און ער האָט אויפֿגעבויט אַ הויכען גדר, אַ גאַנצע מויער אַרום און אַרום, און אַ שילד האָט ער אַרויסגעשטעלט מיט די ווערטער:

„פֿ ע ר ב אָ ט ע ן  אַ ר י י נ צ ו ק ו מ ע ן.  אַ  ש ו ו ע ר ע  ש ט ר אָ ף!"

ער איז געווען אַ זעהר עגאָאיסטישער ריעז.

די אָרעמע קינדער האָבען אַלזאָ מעהר קיין פּלאַץ ניט געהאַט, וואו זיך צו שפיעלען. זיי האָבען פרובירט שפיעלען אויף'ן וועג, איז אָבער

דער וועג געווען זעהר שטויביג און פֿול מיט האַרטע שטיינער, און דאָס שפּיעלען איז זיי ניט איינגעגאַנגען. אַז די צייט פֿון לערנען איז אַריי־בער, פֿלעגען זיי אַרומגעהן אַרום דער הויכער וואַנד און שמועסען צווישען זיך מכח די שעהנע זאַכען, וואָס געפֿינען זיך אין גאָרטען.

„ווי גליקליך מיר זיינען דאָרט געווען!" האָבען זיי איינער דעם צווייטען דערמאָנט.

דאַן איז געקומען דער פֿריהלינג, און דאָס לאַנד איז פֿול געוואָרען מיט קליינע בלומען און קליינע פֿויגעל. נאָר ביים עגאָאיסטישען ריעז אין גאָרטען איז געבליבען ווינטער. די פֿויגעל האָבען דאָרט ניט געוואָלט זינגען, מחמת די קינדער זיינען ניט געווען צו זעהן, און די בוימער האָבען זיך אין גאַנצען פֿערגעסען צו בליהען.

איינמאָל האָט אַ שעהנע בלום אַרויסגע־שטעקט דעם קאָפּ איהרען פֿון׳ם גראָז, האָט זי אָבער דערזעהן דעם שילד מיט׳ן פֿערבאָט און עס האָט איהר אַזוי פֿערקלעמט ביים האַר־צען פֿאַר די אָרעמע קינדערלאַך, אַז זי האָט זיך צוריק איינגעגראָבען אין דער ערד און איז ווייטער געשלאָפֿען...

די איינציגע, וואָס האָבען זיך דאָרט צולייגט ווי ביי זיך אין דערהיים, זיינען געווען דער שנעע און דער פֿראָסט. „דער פֿריהלינג האָט זיך אַפּנים פֿערגעסען אָן דעם גאָרטען," האָבען

זיי זיך געפרעהט, „און מיר וועלען דאָ קענען וואוינען דאָס גאַנצע יאָהר נאָכאַנאַנד." מיט זיין גרויסען ווייסען מאַנטעל האָט דער שנעע בעדעקט דאָס גראָז, און דער פראָסט האָט אָבגעפאַרבט אַלע בוימער מיט אַ מין זילבער־קאָליר. דערצו האָבען זיי פון היימליכקייט וועגען געשיקט נאָך'ן צפון־ווינד, און ער האָט זיך ניט געלאָזט בעטען און איז געקומען. ער איז געווען אָנגעטהאָן אין אַ גראָבען פעלץ, און אַ גאַנצען טאָג האָט ער געוואויעט און אָנגעגעבען מעשים אין גאָרטען. „ס'אַראַ וואונדערבאַרע שטיק ערד!" האָט ער געזאָגט. „מען מוז פערבעטען אַהער דעם האָגעל." און דער האָגעל איז געקומען. יעדען טאָג האָט ער געקלאַפּט און זיך געשאָטען איבער'ן דאַך פון שלאָס; דריי שטונדען נאָכאַנאַנד אָהן אויפהער. דערנאָך איז ער אַרומגעלאָפען איבער'ן גאָרטען אַהין און אַהער, אַזוי שנעל ווי ער האָט נאָר געקענט. אין גרויע קליידער איז ער געגאַנגען אָנגעטהאָן, און זיין אָטהעם איז געווען קאַלט ווי אייז.

„איך פערשטעה גאָר ניט פאַר וואָס דער פריהלינג לאָזט אַזוי לאַנג וואַרטען אויף זיך," האָט דער עגאָאיסטישער ריעז געזאָגט, בשעת ער איז געזעסען ביים פענסטער און האָט אַרויסגעקוקט אויף זיין קאַלטען ווייסען גאָרטען. „דאָך האָף איך, אַז דאָס וועטער וועט זיך באַלד ענדערן."

אָבער דער פֿריהלינג איז ניט געקומען, און אויך דער זומער איז אויסגעבליבען. דער אָסיען האָט בעשאָנקען יעדען גאָרטען מיט גאָלדענע פֿריכטע; נאָר דעם ריעז'ס גאָרטען האָט ער גאָרנישט געגעבען. „ער איז צו עגאָאיסטיש!“ האָט ער געזאָגט. אַזוי איז דאָרט כסדר געבליבען ווינטער, און דער צפון־ווינד און דער האָגעל און דער פֿראָסט און דער שנעע האָבען מיט פֿרייד אַרומגעטאַנצט צווישען די צווייגען.

איינמאָל אין אַ אין־דער־פֿריה, בשעת דער ריעז איז נאָך געלעגען אין בעט, האָט ער דערהערט אַ ליעבליכע מוזיק. אַזוי אַנגענעהם, אַזוי זיס האָט זי געקלונגען אין זיינע אויערן, אַז ער האָט געגלויבט, דעם קעניג'ס קאַפּעליע געהט עס דורך פֿערביי זיין הויז. אין דער אמת'ן איז דאָס נאָר געווען אַ קליין פֿויגעלע, וואָס האָט זיך צוזונגען לעבען זיין פֿענסטער; אָבער ער האָט שוין אַזוי לאַנג ניט געהערט קיין פֿויגעלגעזאַנג ביי זיך אין גאָרטען, אַז עס האָט איהם געקלונגען ווי די שעהנסטע מוזיק אויף דער ערד. אַחוץ דעם האָט אויך דער האָגעל אויפֿגעהערט צו טאַנצען איבער זיין קאָפּ, און דער צפון־ווינד האָט מעהר ניט געוואויעט, און אַ זיסער, געשמאַקער ריח איז אַריין דורך'ן אָפֿענעם פֿענסטער.

„איך גלויב, אַז דער פֿריהלינג איז ענדליך געקומען,“ האָט דער ריעז געזאָגט, און ער איז

אויפֿגעשפּרונגען פֿון בעט און האָט אַרויסגע־
קוקט אויף דרויסען.

וואָס האָט ער אָבער דערזעהן?

פֿאַר זיינע אויגען איז געשטאַנען אַ וואונ־
דערבאַרעס בילד. דורך אַ קליינעם לאָך אין
דער מויער זיינען די קינדער אַריינגעקראָכען
אין גאָרטען. און אָט זיצען זיי זיך אויף די
צווייגען פֿון די בוימער. אויף יעדען בוים,
וואָס ער קען נאָר זעהען, זיצט אַ קליין קינד.
און אַזוי גליקליך זיינען די בוימער געווען, אַזוי
צופֿרידען, וואָס די קינדער זיינען צוריקגעקומען,
אַז זיי האָבען זיך בעדעקט מיט בלעטער און
בליטהען, און די אָרעמס זייערע האָבען זיי
אויסגעשטרעקט די קינדער איבער די קעפּלאַך.
די פֿויגעל זיינען אַרומגעפֿלויגען און געסוויש־
טשעט מיט פֿרייד, און די בלומען האָבען זיך
אַרויסגערוקט פֿון׳ם גרינעם גראָז און געלאַכט.
עס איז געווען אַ וואונדערבאַרע, אַ ריהרענדע
סצענע.

נאָר אין איין עק איז געבליבען ווינטער. עס
איז געווען דער וויטסטער ווינקעל פֿון גאָרטען,
און דאָרט איז געשטאַנען אַ קליין אינגעל. ער
איז געווען אַזוי קליין, אַז ער האָט ניט געקענט
דערגרייכען ביז די צווייגען פֿון בוים, איז ער
אַרומגעלאָפֿען אַהין און אַהער און געוויינט מיט
ביטערע טרעהרען. דער אָרעמער בוים איז נאָך
אין גאַנצען געווען בעדעקט מיט פֿראָסט און

שנעע, און איבער איהם האָט נאָך געבלאָזען און געוואויעט דער צפון־ווינד.

„קלעטער אַרויף, דו קליין אינגעלע!״ האָט דער בוים געזאָגט, און האָט איינגעבויגען זיינע צווייגען אַזוי טיעף, אַזוי נידעריג ווי ער האָט נאָר געקענט. אָבער דער אינגעלע איז געוועזן צו קליין.

און ווייך איז מיט אַמאָל געוואָרען דעם ריעז׳ס האַרץ. „ווי עגאָאיסטיש איך בין דאָס געוועזן!״ האָט ער געזאָגט. „איצט וויים איך ערשט, פאַר וואָס דער פריהלינג האָט ניט געוואָלט קומען אַהער. איך וועל דעם אָרעמען, קליי־נעם אינגעלע העלפען אַרויפקלעטערען אויף׳ן בוים, און דערנאָך וועל איך די מויער צואַ־וואַרפען, און מיין גאָרטען זאָל אויף שטענדיג בלייבען אַ פלאַץ פאַר די קינדער, זיך צו שפיע־לען.״ ער האָט זיך ווירקליך גענומען צום האַרצען דערפון, וואָס ער האָט געטהאָן.

דערנאָך איז ער אויף גיך אַראָב די טרעפ. גאַנץ שטיל האָט ער געעפענט די הויז־טהיר און איז אַריין אין גאָרטען. און אַז די קינדער האָבען איהם דערזעהן, האָבען זיי זיך דער־שראָקען און זיינען אַנטלאָפען, און אין גאָרטען איז פון דאָס ניי געוואָרען ווינטער. נאָר דער קליינער אינגעלע איז ניט אַנטלאָפען, מחמת די אויגעלאַך זיינע זיינען איהם געוועזן אַזוי פול מיט טרעהרען, אַז ער האָט ניט געזעהן ווי דער

ריעז איז אָנגעקומען. אונבעמערקט איז דער ריעז אַלוֹאָ צוגעגאַנגען צו איהם, האָט איהם צערטליך גענומען אויף די הענד און איהם אַרויפגעזעצט אויף'ן בוים. און דער בוים איז מיט אַמאָל בעדעקט געוואָרען מיט בלעטער און מיט בליטען, און געקומען זיינען די פויגעל צו פליהען און האָבען זיך צווונגען, און דער קליינער אינגעלע האָט אויסגעשטרעקט די אָרעמלאַך זיינע און האָט אַרומגענומען דעם ריעז ביים האַלז און האָט איהם דערלאַנגט אַ קוש.

און אַז די אַנדערע קינדער האָבען דערזעהן, אַז דער ריעז איז גאָר ניט אַזוי שלעכט, זיינען זיי אַריין צוריק אין גאָרטען, און מיט זיי איז אויך געקומען דער פריהלינג.

„ס'איז אייער גאָרטען איצט, קינדער!" האָט דער ריעז געזאָגט, און ער האָט גענומען אַ גרויסע האַק און איינגעוואָרפען די מויער. און אַז די איינוואוינער זיינען אַרום האַלבען טאָג געגאַנגען אין מאַרק אַריין, האָבען זיי געזעהן, ווי דער ריעז שפּיעלט זיך מיט די קינדער אין דעם שעהנסטען גאָרטען, וואָס זיי האָבען ווען אין זייער לעבען געזעהן.

דעם גאַנצען טאָג נאָכאַנאַנד האָבען זיי זיך געשפּיעלט, און אָוועָנד-צייט איז געקומען דער ריעז און האָט זיי געזאָגט אַ „גוטע נאַכט."

„ווער איז ער דאָס, אייער קליינער חבר'ל?"

האָט ער זיי געפֿרעגט, „אָט דער קלײנער אינ־
געלע, װעמען איך האָב אַרױפֿגעזעצט אױף׳ן
בױם?“ איהם האָט דער ריעז ליעב געהאַט
מעהר פֿון אַלע אַנדערע, מחמת ער האָט איהם
געקושט.

„מיר װײסען דאָס ניט,“ האָבען די קינדער
געענטפֿערט, „ער איז שױן אַװעק אַהײם.“

„איהר מוזט איהם זאָגען, ער זאָל מאָרגען
װידער קומען,“ האָט דער ריעז געבעטען. אָבער
די קינדער האָבען געזאָגט, אַז זײ װײסען ניט
װאו ער װאױנט; זײ האָבען איהם גאָר פֿריהער
קײנמאָל ניט געזעהן. דאָס האָט דעם ריעז
פֿערשאַפֿט פֿיעל עגמת נפש.

יעדען נאָכמיטאַג, װען די שולע האָט זיך צו־
געמאַכט, פֿלעגען די קינדער קומען אין גאָרטען,
זיך שפּיעלען מיט׳ן ריעז. אָבער דער קלײנער
אינגעל, װעמען דער ריעז האָט ליעב געהאַט,
איז ניט געװוען צו זעהן. פֿרײנדליך, זעהר
פֿרײנדליך איז דער ריעז געװען מיט אַלע קינ־
דער, נאָר געבײנקט האָט ער שטאַרק נאָך זײן
ערשטען קלײנעם פֿרײנד, און ער האָט ניט
אױפֿגעהערט צו רײדען פֿון איהם. „װי גערן
איך װאָלט איהם דאָך אַמאָל געװאָלט זעהן!“
פֿלעגט ער כסדר זאָגען.

יאָהרען זײנען פֿערבײ, און אַלט און שװאַך
איז געװאָרען דער ריעז. ער האָט זיך שױן
מעהר ניט געקענט שפּיעלען, איז ער געזעסען

אין אַ גרויסען פֿאָטער־שטוהל און האָט געקוקט אויף די קינדער, ווי זיי שפּיעלען זיך און געקלי־בען נחת פֿון'ם גאָרטען.

„איך האָב אַזוי פֿיעל שעהנע בלומען," האָט ער געזאָגט, „די קינדער אָבער זיינען די שעהנ־סטע בלומען פֿון אַלע."

איינמאָל, אין אַ ווינטער אין דער פֿריה, בשעת ער האָט זיך אָנגעטהאָן, האָט ער אַרויס־געקוקט פֿון פֿענסטער. דעם ווינטער האָט ער שוין מעהר ניט פֿיינט געהאַט, מחמת ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז דער שלאָפֿענדער פֿריה־לינג, און אַז דאָס רוהען זיך נאָר די בלומען אויס.

מיט אַמאָל האָט ער זיך אויסגעריבען די אויגען פֿון גרויס וואונדער, און געקוקט און געקוקט. עס איז ווירקליך געווען אַ וואונדער־באַרע זאַך. אין דעם ווייטסטען ווינקעל פֿון גאָרטען איז געשטאַנען אַ בוים, בעדעקט מיט ליעבע, טהייערע בלעטער. זיינע צווייגען זיינען געווען אין גאַנצען גין־גאָלד, און זילבערנע פירות האָבען אַראָבגעהאַנגען פֿון איהם; און אונטער'ן בוים איז געשטאַנען דער קליינער אינגעלע, וועמען ער האָט געליעבט.

אויסער זיך פֿאַר פֿרייד איז דער ריעז אַראָב־געלאָפֿען די טרעפּ צום גאָרטען צו. איבער'ן גראָז איז ער געלאָפֿען, ביז וואַנען ער איז צו־

געקומען נאָהענט צום קינד. נאָר אַז ער איז געשטאַנען גאַנץ נאָהענט לעבען איהם, איז ער געוואָרען רויט פֿאַר צאָרן און האָט געזאָגט:

„ווער האָט עס געוואַגט דיך צו פֿערוואונדען?"

אויף דעם קינד'ס הענטלאַך האָט מען גע־קענט זעהן די שאַרפֿע, פֿרישע סימנים פֿון צוויי נעגעל, און דאָס זעלבע אויף זיינע קליינע פֿי־סעלאַך.

„ווער האָט געוואַגט דיך צו פֿערוואונדען?" האָט דער ריעז געשריען. „זאָג עס מיר, וועל איך נעהמען מיין גרויסען שווערד און איהם דערשלאָגען אויף טויט."

„ניין," האָט דאָס קינד געענטפֿערט. „דאָס זיינען די וואונדען וואָס די ליעבע האָט מיר געמאַכט."

„ווער ביסט דו?" האָט דער ריעז געפֿרעגט. אַ מאָדנעם געפֿיהל פֿון עהר־פֿורכט האָט איהם בעהערשט, און ער איז געפֿאַלען אויף די קניע פֿאַר'ן קליינעם אינגעל.

און דער אינגעל האָט געשמייכעלט צום ריעז און האָט איהם געזאָגט:

„דו האָסט מיך אַמאָל געלאָזט שפּיעלען אין דיין גאָרטען, דערפֿאַר וועל איך דיך היינט מיטנעהמען מיט מיר אין מיין גאָרטען, דאָס איז דער גן עדן."

און אַז די קינדער זיינען יענעם נאָכמיטאָג געקומען אין גאָרטען, האָבען זיי דעם ריעז געפֿונען ליגען טויט אונטערן בוים, בעדעקט פֿון אויבען ביז אַראָב מיט ווייסע בלימעלאַך...

# דער גליקליכער פרינץ.

---

הויך, איבער דעם גאַנצען האַנדעל און וואַנ־דעל פֿון דער שטאָדט, אויף אַ הויכער זייל, איז געשטאַנען די סטאַטוע פֿון דעם גליקליכען פרינץ. זי איז געווען בעדעקט פֿון קאָפּ ביז די פֿים מיט די פֿיינסטע גאָלד־בלעטער, און אָנ־שטאָט די אויגען זיינען געזעסען צוויי פֿונקלענדע סאַפּירען, און אויף דעם קנאָפּ פֿון זיין שווערד האָט געבלישטשעט אַ גרויסער רויטער רובין.

דער פרינץ איז ווירקליך שטאַרק בעוואונדערט געוואָרען. „ער איז אַזוי שעהן ווי דער שפּיץ פֿון אַ גלאָקען־שהורם," האָט בעמערקט אַ מיטגליעד פֿון שטאָדט־הויז, וועלכער האָט גערן געוואָלט שפּיעלען די ראָלע פֿון אַ מאַן, וואָס ווייסט וואָס קונסט איז אַזוינס; דאָך האָט ער גלייך צוגע־לייגט די ווערטער: „אָבער ניט אַזוי ניצליך", כדי מען זאָל איהם חלילה ניט האַלטען פֿאַר אַן אונפּראַקטישען מענשען, וואָס ער איז ווירקליך ניט געווען.

„פֿאַרוואָס קענסט דו ניט זיין אַזוי שטיל און געלאַסען ווי דער גליקליכער פרינץ?“ האָט געפֿרעגט אַ מוטער איהר קליין אינגעל, וועלכער האָט געוויינט און געשריען, מען זאָל איהם געבען דאָס טעלעריל פֿון הימעל. „דער גליקליכער פרינץ חלום'ט פֿון קיין זאַך ניט און בעט קיין זאַך ניט.“

„על כל פנים בין איך צופֿריעדען, וואָס עס איז כאָטש פֿאַרהאַן איין מענש אויף דער וועלט, וועלכער איז פֿאָלקאָם גליקליך,“ האָט זיך געטרייסט אַן אָבגענאַרטער מאַן, בעת ער האָט דערזעהן די סטאַטוע.

„ער זעהט אויס פונקט אַזוי ווי אַ מלאך,“ האָבען געזאָגט די כאָר־אינגלאַך, בעת זיי זיינען אַרויסגעקומען פֿון קירכע, אָנגעטהאָן אין זייערע רויטע מענטעלאַך מיט די ריינע ווייסע קראַגענדלאַך.

„פֿון וואַנען ווייסט איהר דאָס?“ האָט זיי דער לעהרער פֿון מאַטהעמאַטיק געפֿרעגט. „איהר האָט דאָך נאָך קיינמאָל קיין מלאך אין די אויגען ניט געזעהן.“

„יעדער איינער פֿון אונז האָט געזעהן אַ מלאך, על כל פנים אין חלום,“ האָבען די קינדער געענטפֿערט, נאָר דער מאַטהעמאַטיק־לעהרער האָט געקנייטשט מיט'ן שטערן און זיי דורכגענומען מיט אַן ערנסטען בליק, מחמת ער האָט גאָרנישט געהאַלטען פֿון קינדערשע חלומות.

איין אָווענד איז דורך דער שטאָדט פֿערביי־געפֿלויגען אַ קליינע שוואַלב. די פֿריינד איהרע זיינען נאָך פֿאַר זעקס וואָכען אַוועק קיין עגיפּ־טען, נאָר זי איז איבערגעבליבען, מחמת זי האָט זיך פֿערליעבט אין דאָס שעהנסטע ראָהר־גראָז, וואָס האָט זיך געפֿונען לעבען טייך. זי האָט עס אָנגעטראָפֿען אַרום פֿריהלינג־צייט, ווען זי האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך אַ גרויס געל זומער־פֿויגעלע, און זי איז אַזוי צוגעצויגען גע־וואָרען פֿון זיין שלאַנקער געשטאַלט, אַז זי האָט זיך אָבגעשטעלט, אום זיך דערמיט אַריינצולאָזען אין אַ געשפּרעך.

„מעג איך דיך ליעבען?" האָט געפֿרעגט די שוואַלב, וועלכע האָט פֿיינט געהאַט הקדמות און צערעמאָניעס, און דאָס שילפֿגראָז האָט זיך טיעף פֿערנייגט פֿאַר איהר. דערנאָך איז זי אַרומגעפֿלויגען אַרום גראָז, אָנריהרענדיג בעת מעשה מיט איהרע פֿליגעל דאָס וואַסער, וואָס האָט זיך פֿונאַנדערגעשפּריצט אין קליינינקע זילבערנע כוואַליעלאַך. דאָס איז געווען איהר חתונה, און זי האָט זיך געצויגען דעם גאַנצען זומער לאַנג.

„ס'איז אַ נאַרישער שידוך," האָבען געסווי־שטשעט די אַנדערע שוואַלבען; „דאָס גראָז האָט ניט קיין געלד און אַסך, גאָר אַסך קרובים." באמת גערעדט, איז דער גאַנצער טייך געווען פֿול מיט אַזעלכע הויכע גראָזען. און אַז דער

הערבסט איז געקומען, זיינען אַלע שוואַלבען אַוועקגעפֿלויגען.

אַז זיי זיינען אַוועק, האָט זיך די קליינע שוואַלב געפֿיהלט זעהר איינזאַם, און די ליעבע איהרע האָט איהר אָנגעהויבען נמאס ווערן. „מען קען זיך גאָר מיט דעם ראָהר־גראָז ניט אונטערהאַלטען ווי געהעריג איז," האָט זי געזאָגט, „און אחוץ דעם האָב איך מורא, אַז ס'איז גאָר אַ קאָקעטקע: רק עס שושקעט זיך מיט'ן ווינד." און אַזוי איז טאַקי געווען, קוים האָט דער ווינד אָנגעהויבען בלאָזען, האָט זיך דאָס גראָז פֿערנייגט מיט אַ חן'עוודיגער מיענע. „מעגליך, אַז עס איז אַ היגע אַ געבוירענע," האָט די שוואַלב ווייטער געזאָגט, „אָבער איך האָב ליעב אַרומצופֿאָהרען, דערפֿאַר מוז אויך מיין פֿרוי עס ליעבען."

„ווילסט דו מיטפֿאָהרען מיט מיר?" האָט זי ענדליך געפֿרעגט, אָבער דאָס ראָהר־גראָז האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, מחמת עס איז געווען צו שטאַרק צוגעבונדען צו זיין היים.

„האָסט זיך, הייסט עס, לוסטיג געמאַכט איבער מיר?" האָט זי זיך אָבגערופֿען. „נו, איך פֿאָהר שוין אָב צו די פּיראַמידען. זיי געזונד!" און דאָס זאָגענדיג איז זי אַוועקגעפֿלויגען.

דעם גאַנצען טאָג נאָכאַנאַנד איז זי געפֿלויגען, און ערשט ביינאַכט איז זי אָנגעקומען אין שטאָדט. „וואו לאָזט מען זיך ערגעץ אראָב?"

האָט זי געזאָגט; „איך האָף, אַז די שטאָדט האָט זיך מכין געווען מיך מקבל פנים צו זיין.״

דאַן האָט זי דערזעהן די סטאַטוע אויף דער הויכער־ זייל.

„דאָרט וועל איך זיך אַרונטערלאָזען,״ האָט זי זיך אָבגערופען, „ס׳איז אַ וואונדער־שעהנער פּלאַץ, וואו איך וועל האָבען פרישע לופט לרוב.״ און זי האָט זיך אַראָבגעלאָזט פּונקט צווישען די פיס פון דעם גליקליכען פּרינץ.

„איך האָב אַ פערגאָלדעטען שלאָפצימער,״ האָט זי גאַנץ שטיל געזאָגט צו זיך אַליין, בעת זי האָט זיך אומגעקוקט אַרום זיך און זיך צוגעגרייט צו געהן שלאָפען. נאָר אַז זי האָט געוואָלט בעהאַלטען דעם קאָפּ איהרען אונטער׳ן פליגעל, איז אַרונטערגעפאַלען אויף איהר אַ גרויסער טראָפּען וואַסער. „וואָס פאַר אַ מאָדנע זאַך!״ האָט זי זיך אָבגערופען. „ס׳איז, דוכט זיך, ניטאָ קיין איין איינציגער וואָלקען אויפ׳ן הימעל, די שטערן שיינען גאַנץ קלאָהר און ליכטיג, און דאָך רעגענט עס. דאָס קלימאַט אין צפון־אייראָפּאַ איז ווירקליך אונערטרעגליך. אמת, אַז דאָס ראָהר־גראָז האָט ליעב דעם רעגען, אָבער דאָס נעהמט זיך בלויז פון זיין עגאָאיזמוס.״

נאָר דאָ איז אַרונטערגעפאַלען נאָך אַ טראָפּען.

„צו וואָס טויג אַ סטאַטוע, אַז זי קען ניט אָבהאַלטען דעם רעגען אפילו?״ האָט זי גע־

זאָגט. „איך מוז זיך אויסזוכען עפּעס אַ גוטען קוימען.“ און זי האָט בעשלאָסען אַוועקצופליהען פון דאָרט.

נאָר איידער זי האָט נאָך פונאַנדערגעשפּרייט איהרע פליגלען, איז אַרונטערגעפאַלען אַ דריטער טראָפּען, און זי האָט אַרויפגעקוקט אויבען און דערזעהן — יאָ, וואָס האָט זי אַזוינס געזעהן?

די אויגען פון דעם גליקליכען פּרינץ זיינען געווען פול מיט טרעהרען, און זיי האָבען אַראָבגערונען איבער זיינע גאָלדענע באַקען. זיין פּנים איז געווען אַזוי שעהן אין׳ם שיין פון דער לבנה, אַז די קליינע שוואַלב האָט גע־קראָגען גרוים מיטלייד מיט איהם.

„ווער ביסט דו?“ האָט זי איהם געפרעגט.

„איך בין דער גליקליכער פּרינץ.“

„פאַרוואָס זשע וויינסט דו פאָרט?“ האָט די שוואַלב ווייטער געפרעגט, „דו האָסט דאָך מיך גאַנץ נאַס געמאַכט.“

„בעת איך האָב נאָך געלעבט און אַ מענשליך האַרץ געהאַט,“ האָט די סטאַטוע געענטפערט, „האָב איך ניט געוואוסט, וואָס טרעהרען זיינען אַזוינס, וואָרים איך האָב געלעבט אין דעם פּאַ־לאַץ פון זאָרגלאָזיגקייט, וואו קיין קומער און קיינע דאגות האָבען ניט געטאָרט אַריינקומען. ביי טאָג האָב איך זיך געשפּיעלט מיט מיינע חברים אין גאָרטען, און ביינאַכט האָבען מיר אין גרויסען זאַאַל אונזערע בעלער געהאַט.

אַרום און אַרום גאָרטען האָט זיך געצווייגען אַ זעהר הויכע וואַנד, אָבער ס'האָט מיך ניט אינטערעסירט צו וויסען, וואָס הינטער איהר טהוט זיך, מחמת אַלץ, וואָס האָט מיך אַרום־גערינגעלט, איז דאָך געווען אַזוי שעהן. מיינע הויפּלייט האָבען מיך גערופען „דער גליקליכער פּרינץ", און דעם אמת זאָגענדיג בין איך געווען גליקליך, אויב פערגניגען הייסט גליק. אַזוי האָב איך געלעבט, און אַזוי בין איך געשטאָר־בען. און אַצונד, אַז איך בין טויט, האָבען זיי מיך אַרויפגעזעצט דאָ אויבען, אַזוי הויך, אַז איך קען זעהן די גאַנצע העסליכקייט און דאָס גאַנצע עלענד און נויטה פון מיין שטאָדט, און כאָטש מיין האַרץ איז פון בליי, קען איך זיך דאָך ניט איינהאַלטען און מוז וויינען."

„וואָס! ס'איז ניט פון גין־גאָלד?" האָט די שוואַלב געזאָגט צו זיך אַליין. זי איז געווען צו קלוג און האָט פערשטאַנען אַז וועגען פּערזענ־ליכע אַנגעלעגענהייטען רעדט מען ניט הויך אויף'ן קול.

„ווייט אַוועק פון דאַנען," האָט די סטאַטוע מיט אַ שטילער מוזיקאַלישער שטימע ווייטער גערעדט, „ווייט אַוועק, אין אַ קליין געסעל, איז פאַרהאַן אַן אָרים הויז. איינס פון די פענסטער איז אָפען, און אַזוי קען איך זעהן ווי אַ פרוי זיצט דאָרט ביי אַ טיש. איהר געזיכט איז שמאָל און איינגעפאַלען, און זי האָט גראָבע,

רויטע הענד, וועלכע זיינען אין גאַנצען צו־שטאָכען פֿון דער נאָדעל, מחמת זי איז אַ נייטאָרין. אָט זיצט זי דאָרט און שטיקט רייצענדע בלומען אויף אַ זיידען קלייד פֿאַר דער ליעבליכסטער עהרען־יונגפֿרוי פֿון דער קעניגין, וואָס זי וויל טראָגען אויף דעם קומע־דען הויף־באַל. אין אַ ווינקעל פֿון צימער ליגט איהר קליין אינגעלע אַ קראַנקער אויף זיין בעט. פֿיבער האָט ער און ער פֿערלאַנגט אָראַנזשען. זיין מוטער קען איהם אָבער קיין אַנדער זאַך ניט געבען נאָר איינפֿאַכעס וואַסער, דערפֿאַר שרייט ער אַזוי. שוואַלב, ליעבע קליינע שוואַלב, וואָלסט דו ניט געוואָלט אַרויסנעהמען דעם רובין פֿון מיין שווערד און עס איהר אַוועק־טראָגען? מיינע פֿיס זיינען צוגעשמידט צום פיעדעסטאַל, מחמת דעם קען איך זיך ניט ריהרען פֿין אָרט.״

„מען וואַרט אויף מיר אין עגיפּטען,״ האָט די שוואַלב געזאָגט. „מיינע פֿריינד פֿליהען אַרום איבער׳ן נילוס, אַרויף און אַראָב, און פֿיהרען אַ געשפּרעך מיט די גרויסע לאָטוס־בלומען. באַלד וועלען זיי געהן שלאָפֿען ביים גרויסען קעניג אין קבר. דער קעניג בכבודו ובעצמו ליגט דאָרט אין אַ שעהן־געמאָהלטען ארון. ער איז איינ־געוויקעלט אין געלע לייווענד און מיט בשמים באַלזאַמירט. אַרום האַלז טראָגט ער אַ קייט פֿון בלאַס־גריגע פערל, און זיינע הענד זעהען אויס ווי פֿערדאַרטע בלעטער.״

„שוואַלב, ליעבע קליינע שוואַלב,“ האָט דער פּרינץ געזאָגט, „וואָלסט דו ניט געוואָלט בלייבען ביי מיר איין נאַכט און מיין שליח זיין? דאָס אינגעל איז אַזוי דורשטיג און די מוטער האָט אַזאַ עגמת נפש דערפון.“

„איך אַלגעמיין גערעדט, האָב איך גאָרניט ליעב קיין אינגלאַך,“ האָט די שוואַלב געענט־פערט. „פאַר אַיאָהרען זומער, בעת איך האָב געוואוינט ביים טייך, האָבען צוויי עזות'דיגע אינגלאַך, דעם מילנער'ס זיהן, כסדר געוואָרפען שטיינער אויף מיר. ס'איז אמת, אַז זיי האָבען מיר ניט געטראָפען, מחמת מיר שוואַלבען פליהען צו גיך און מען קען אונז ניט אַזוי לייכט טרעפען, און אַחוץ דעם שטאַם איך פון אַ פאַמיליע, וועלכע איז בעריהמט פאַר איהר פלינקקייט, נאָר דאָך איז דאָס געווען אַ צייכען, אַז די אינגלאַך האָבען גאָר קיין דרך ארץ ניט.“

אָבער דאָ האָט דער גליקליכער פרינץ דער־לאַנגט אַזאַ טרויעריגען בליק אויף איהר, אַז די קליינע שוואַלב האָט רחמנות געקראָגען אויף איהם. „ס'איז זעהר קאַלט דאָ,“ האָט זי זיך אָבגערופען, „אָבער איך וועל דאָך בלייבען אַ נאַכט ביי דיר און דיין שליח זיין.“

„איך דאַנק דיר, קליינע שוואַלב,“ האָט דער פּרינץ געזאָגט.

דאָ האָט די שוואַלב אַרויסגעפּיקט דעם גרוי־סען רובין פון דעם פּרינץ'ס שווערד און האָט

איהם אין איהר שנאָבעל אַוועקגעטראָגען איבער די דעכער פון דער שטאָדט.

זי איז דורכגעפלויגען פערביי דעם טהורם פון דער קירכע, וואו עס שטעהען די ווייסע מאַרמאָר־ענגלען. זי איז אויך פערבייגעפלויגען דעם פּאַלאַץ און האָט געהערט די טאַנץ־מוזיק. אַ שעהן מיידעל איז מיט איהר ליבהאָבער אַרויס אויף׳ן באַלקאָן. „ווי וואונדערבאַר די שטערן שיינען,״ האָט ער זיך אָבגערופען צו איהר, „און ווי וואונדערבאַר איז די מאַכט פון דער ליעבע!״

„איך האָף, אַז מיין קלייד וועט זיין פאַרטיג צום באַל,״ האָט זי געענטפערט, „איך לאָז עס בעשטיקען מיט רייצענדע בלומען, נאָר די ניי־טאָרינס זיינען אַזוי לאַנגזאַם און אַזוי פויל.״

זי איז אַריבערגעפלויגען דעם טייך און האָט געזעהן, ווי די לאַמטערנעס היינגען אין די מאַטשטען פון די שיפען. זי איז דורכגעפלויגען די גהעטאָ און האָט געזעהן, ווי די אַלטע אידען שאַכערן איינע מיט די אַנדערע. ענדליך איז זי צוגעקומען צו דעם אָרעמען הויז אין האָט אַריינגעקוקט אינעוויינינג. דאָס אינגעל איז גע־לעגען אין איין היץ און האָט זיך אַרומגעוואָרפען אין זיין בעט, און די מוטער איז איינגעשלאָפען, אַזוי מיעד איז זי געווען. דאַן איז זי אַריינגע־שפּרונגען אינעוויינינג און האָט אַוועקגעלייגט דעם גרויסען רובין אויף׳ן טיש, האַרט לעבען

דער פֿרוי'ס פֿינגערהוט. דערנאָך איז זי שטי־לערהייט אַרומגעפֿלויגען אַרום בעט און האָט געפֿאָכעט מיט איהרע פֿליגלען איבער דעם קראַנקען קינד'ס געזיכט. „ווי קיהל ס'ווערט מיר," האָט דאָס אינגעל געזאָגט, „ס'וועט מיר אודאי באַלד בעסער ווערן." און ער איז אַריינ־געפֿאַלען אין אַן ערקוויקענדען שלאָף.

דאַן איז די שוואַלב געפֿלויגען צוריק צום גליקליכען פרינץ און האָט איהם דערצעהלט וואָס זי האָט געטהאָן. „ס'איז מערקווירדיג," האָט זי געזאָגט, „ווי וואַרם מיר איז אַצונד, כאָטש ס'איז דאָך אַזוי קאַלט."

„דאָס קומט דערפֿון וואָס דו האָסט בעגאַנגען אַ גוטע טהאַט," האָט דער פרינץ געענטפֿערט. און די קליינע שוואַלב האָט זיך פֿערטראַכט וועגען דעם און איז דערביי אַריינגעפֿאַלען אין אַ טיעפֿען שלאָף. דאָס דיינקען האָט איהר אימער שלעפֿעריג געמאַכט.

בעגינען צו טאָג, איז זי אַרונטערגעפֿלויגען צום טייך און האָט גענומען אַ באָד. „וואָס פֿאַר אַ מערקווירדיגע ערשיינונג," האָט זיך אָבגערופֿען דער פראָפֿעסאָר פֿון דער פֿויגעל־לעהרע, בעת ער איז אַריבער דעם בריק. „אַ שוואַלב אין ווינטער!" און ער האָט אָנגעשריבען וועגען דעם אַ לאַנגען אַרטיקעל, וועלכען יעדער איינער האָט ציטירט, מחמת ער האָט ענט־

האַלטען אין זיך אַזוי פיעל ווערטער, וואָס קיינער האָט ניט געקענט פערשטעהן.

„היינט אָווענד פליה איך אוועק קיין עגיפּ־טען," האָט די שוואַלב געזאָגט, און די דאָזיגע אויסזיכט האָט אָנגעפילט איהר האַרץ מיט פרייד. זי האָט בעזוכט אַלע מאָנומענטען און פער־בליבען אַ היבש שטיקעל צייט אויף דעם שפּיץ פון דעם קירכענטהורם. וואוהין זי איז געקומען, האָבען די פויגעל געסווישטשעט און געזאָגט איינע צו די אַנדערע: „וואָס פאַר אַ גרויס־אַרטיגען פרעמדלינג מיר האָבען דאָ!" דאָס האָט איהר פערשאַפט פיעל פערגניגען.

אַז די לבנה איז אויפגעגאַנגען, איז זי צוריק־געפלויגען צום גליקליכען פרינץ. „האָסט עפּעס אָנצוזאָגען קיין עגיפּטען?" האָט זי זיך אָבגע־רופען צו איהם. „איך בין גרייט צו מאַכען מיין רייזע אַהין."

„שוואַלב, ליעבע קליינע שוואַלב," האָט דער פרינץ געזאָגט, „וואָלסט דו ניט געוואָלט בלייַ־בען נאָך אַ נאַכט ביי מיר?"

„אין עגיפּטען ריכט מען זיך אויף מיר," האָט זי געענטפערט. „מאָרגען וועלען מיינע פריינד פליהען מיט'ן שטראָם ארויף צום צוויי־טען וואַסערפאַל. דאָרט ליגט דאָס ניל־פערד צווישען די וואַסער־שטעקלאַך, און אויף אַ טראָהן פון גראַניט־שטיין זיצט דער גאָט מעמנאָן. די גאַנצע נאַכט נאָכאַנאַנד קוקט ער אויף די

שטערן, און אַז דער מאָרגען־שטערן געהט אויף, לאָזט ער אַרוים אַ פֿריידען־געשריי, און דאַן ווערט עס ווידער שטיל. אַרום מיטאָג־צייט קומען די געלע לייבען צום וואַסער, אום זיך אָנצוטרינקען. זיי האָבען אויגען אַזוי ווי גרינע שמאַראַגדען, און זייער געשריי איז העכער איידער דער גערויש פֿון דעם וואַסערפֿאַל."

„שוואַלב, ליעבע קליינע שוואַלב," האָט געזאָגט דער פרינץ, „ווייט אַוועק פֿון יענער זייט שטאָדט, זעה איך אַ יונגען מאַן אין אַ דאַך־שטיבעל. ער זיצט אָנגעשפּאַרט ביי אַ שרייב־טיש, בעדעקט מיט פּאַפּיר, און לעבען איהם שטעהט אַ גלאָז, אין וועלכען עס שטעקט אַ בינטעל מיט פֿערוויאַנעטע בלומען. זיינע האָר זיינען ברוין און געגרייזעלט און זיינע ליפּען רויט ווי גראַנאַט־עפּעל; דערצו האָט ער גרויסע טרוימערישע אויגען. ער האַלט ביי ענדיגען אַ פּיעסע פֿאַר דעם טהעאַטער־דירעקטאָר, אָבער ס'איז צו קאַלט אין צימער און ער קען ניט שרייבען. ביי איהם אין אויווען איז קיין פֿייער ניטאָ, און דער הונגער ציהט איהם אַרוים די כוחות!"

„איך וועל בלייבען נאָך אַ נאַכט ביי דיר," האָט זיך אָבגערופֿען די שוואַלב, וועלכע האָט ווירקליך געהאַט אַ גוט האַרץ. „יואָס זשע, זאָל איך אויך איהם אַוועקטראָגען אַ רובין?"

„אַך, איך האָב שוין מעהר קיין רובין ניט,"

האָט דער פּרינץ געענטפערט. „אַלעס, וואָס מיר איז געבליבען, זיינען מיינע אויגען. זיי זיינען געמאַכט פון זעלטענע סאַפּירען, וועלכע מען האָט מיט טויזענד יאָהר צוריק געבראַכט אַהער פון אינדיען. ברעך אַרויס איינעם פון זיי און טראָג עס איהם אַוועק. ער וועט עס פערקויפען דעם יואוועלען־הענדלער און פאַר דאָס געלד וועט ער זיך קויפען עסען און קוילען צו מאַכען פייער, און דאַן וועט ער קענען ענדיגען זיין טהעאַטער־שטיק."

„ליעבער פּרינץ," האָט די שוואַלב געזאָגט, „כ'קען דאָס ניט טהאָן." און זי האָט אָנגעהויבען צו וויינען.

„שוואַלב, ליעבע קליינע שוואַלב," האָט געזאָגט דער פּרינץ, „טהו ווי איך האָב דיר געהיסען."

דאָ האָט די שוואַלב אויסגעבראָכען דעם פּרינץ אַן אויג און איז אַוועקגעפלויגען דערמיט צום סטודענט אויף'ן בוידים. ס'איז איהר ניט שווער געווען אַריינצוקומען, מחמת עס איז געווען אַ לאָך אין דאַך. זי האָט זיך אַלזאָ אַריינגעגליטשט און איז געווען אינעווייניג. דער יונגער מאַן איז געזעסען מיט'ן קאָפּ איינגעגראָבען אין די הענד, אַזוי פערזונקען אין זיין טרויעריגער לאַגע, אַז ער האָט ניט אָנגעהויבען הערען דעם גערויש, וואָס דער פויגעל האָט אָנגעמאַכט מיט זיינע פליגלען. דערנאָך, אַז ער

האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט ער געפונען דעם שעהנעם סאַפּיר, וועלכער איז געלעגען אויף די פערדאַרטע בלומען.

„איך פאַנג אָן געאַכטעט צו ווערן,“ האָט ער זיך אָבגערופען. „דאָס איז אַודאי פון איינעם פון מיינע פערעהרער. אַצונד קען איך ענדיגען מיין שטיק.“ און ער האָט אויסגעזעהן זעהר גליקליך.

אויף מאָרגען איז די שוואַלב אַרונטערגעפלויגען צום האַפען. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף דעם מאַטשט פון אַ גרויסען שיף און האָט געקוקט אויף די מאַטראָזען, ווי זיי האָבען מיט שלעפּ-שטריק אַרויסגעצויגען גרויסע קאַסטענס פון קעלער. „הויבט — אַהאָי!“ האָבען זיי געשריען, צוגעבענדיג חשק איינע די אַנדערע. „איך פאָהר קיין עגיפּטען!“ האָט די שוואַלב זיי אָנגעזאָגט, אָבער קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף איהר. נאָר אַז די לבנה איז אויפגעגאַנגען, איז זי אַוועקגעפלויגען צוריק צו דעם גליקליכען פרינץ.

„איך קום דיר זאָגען אַדיע,“ האָט זי זיך אָבגע־רופען צו איהם.

„שוואַלב, ליעבע קליינע שוואַלב,“ האָט דער פּרינץ געזאָגט, „וואָלסט דו ניט געוואָלט בלייבען נאָך אַ נאַכט ביי מיר?“

„ס'ווערט ווינטער,“ האָט די שואַלב געענט־פערט, „און עס וועט באַלד אַראָב אַ קאַלטער

שנעע. אין עגיפטען שיינט די זונן אַזוי וואַרם אַראָב אויף די גרינע טייטעל־בוימער, און אין דער בלאָטע ליגען די קראָקאָדילען און קוקען זיך שלעפּעריג אום. מיינע חבר׳טעם בויען שוין זייערע נעסטען אין דעם טעמפּעל פֿון באַאַל־בעק, און די רויטליך ווייסע טויבען קוקען זיך צו און וואָרקען איינע מיט די אנדערע. ליעבער פּרינץ, איך מוז דיך פֿערלאָזען, אָבער איך וועל דיך קיינמאָל ניט פֿערגעסען, און קומענדען פֿריהלינג וועל איך דיר מיטברייננגען צוויי שעהנע און טהייערע שטיינער פֿאַר די, וואָס דו האָסט אַוועקגעגעבען. דער רובין זאָל זיין רויטער איידער אַ רויטע רויז, און דער סאַפּיר זאָל זיין אַזוי בלוי ווי דער גרויסער ים.״

„אויף דעם פלאַץ דאָרט אונטען,״ האָט דער גליקליכער פּרינץ געזאָגט, „שטעהט אַ קליין מיידעלע מיט שוועבעלאַך. די שוועבעלאַך זיינען איהר אַרונטערגעפֿאַלען אין רינשטאָק און זיי זיינען אַלע קאַליע געוואָרען. דער פֿאָטער איהרער וועט איהר שלאָגען, אַז זי וועט קומען אַהיים אָהן געלד, דערום וויינט זי און קלאָגט. זי געהט אָהן שיך און אָהן זאָקען און איהר קליי־נער קאָפּ איז גאַנץ נאַקעט און הויל. ברעך אויס מיין אַנדער אויג און גיב עס איהר, כדי דער פֿאָטער זאָל איהר ניט שלאָגען.״

„איך וועל בלייבען נאָך אַ נאַכט ביי דיר,״ האָט די שוואַלב געזאָגט, „אָבער דאָס צווייטע

אויג קען איך דיר ניט אויסברעכען. דו וועסט דאַן זיין גאַנץ בלינד.״

„שוואַלב, ליעבע קליינע שוואַלב, טהו ווי איך האָב דיר געהייסען,״ האָט דער פּרינץ געזאָגט.

דאַן האָט זי אויסגעבראָכען אויך דאָס צווייטע אויג פון דעם פּרינץ און אַזוי שנעל ווי אַ בליץ איז זי דערמיט אַוועקגעפלויגען. זי האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צו דעם מיידעלע מיט די שוועבעל־לאַך און האָט אַרונטערגעלאָזט דעם סאַפיר גלייך צו איהר אין דער אָפענער האַנד אַריין. „וואָס פאַר אַ שעהן שטיק גלאָז!״ האָט דאָס קליינע מיידעלע אַ געשריי געטהאָן און מיט פרייד איז זי דערמיט געלאָפען אַהיים.

דערנאָך האָט זיך די שוואלב אומגעקעהרט צוריק צום פּרינץ. „אַצונד ביסט דו בלינד,״ האָט זי געזאָגט, „איך וועל אַלזאָ בלייבען אימער ביי דיר.״

„ניין, קליינע שוואַלב,״ האָט דער אָרעמער פּרינץ געזאָגט, „דו מוזט פאָהרען קיין עגיפּטען.״

„איך וועל אימער בלייבען ביי דיר,״ האָט די שוואַלב ווידערהאָלט, און זי איז איינגעשלאָ־פען ביים פּרינץ צופוסען.

אויף מאָרגען דעם גאַנצען טאָג איז זי געזעסען ביים פּרינץ אויף׳ן אַקסעל און האָט איהם דערצעהלט אַלעס, וואָס זי האָט זיך אָנגעזעהן אין פרעמדע לענדער. זי האָט איהם דערצעהלט

מכח די רויטע פֿויגלען, וועלכע שטעהען אויס־געשטעלט אין לאַנגע שורות ביי די ברעגען פֿון דעם טייך נילום און כאַפּען גילדערנע פֿישלאַך מיט זייערע לאַנגע שנאָבלען; וועגען דער „ספֿינקס", וועלכע איז אַלט ווי די וועלט גופֿא, און וועלכע לעבט אין מדבר און ווייסט אַלצדינג; מכח די קויפֿלייט, וועלכע וואַנדערן לאַנגזאַם לעבען זייערע גמלים און טראָגען ברושטין־פּערל אין די הענד; וועגען דער גרויסער גרינער־שלאַנג, וועלכע שלאָפֿט אין אַ טייטעל־בוים און וואָס צוואַנציג פּריסטער פֿיטערן זי מיט האָניג־לעקאַך; און פֿון די „קליינע מענשעלאַך", פֿון די קאַרליקעס, וועלכע פֿאָהרען אַרום אין פֿלאַכע בלעטער איבער'ן ים הגדול און האַלטען מלחמה מיט די זומער־פֿויגעלאַך.

„ליעבע קליינע שוואַלב," האָט זיך אָבגערופֿען דער פּרינץ, „דו דערצעהלסט מיר אַזעלכע וואונדערליכע זאַכען, אָבער דאָס רוב דאַרף מען דאָך בעוואונדערן יענע מענער און פֿרויען, וועלכע ליידען. ניטאָ קיין שום געהיימנים, וואָס זאָל זיין אַזוי גרויס און טיעף ווי די מענשליכע נויטה. פֿליה זיך דורך איבער מיין שטאָדט, קליינע שוואַלב, און דערצעהל מיר וואָס דו האָסט געזעהן."

און די שוואַלב איז געפֿלויגען איבער דער גרויסער שטאָדט און האָט געזעהן ווי די רייכע

לייט אַמוזירען זיך אין זייערע שעהנע הייזער, בעת ווען די בעטלער ליגען ביי די טהירען. זי איז געפֿלויגען אין פֿינסטערע געסלאַך און האָט געזעהן די בלייכע געזיכטער פֿון הונגעריגע קינדער, וועלכע האָבען אַרויסגעקוקט אָהן אַ שום אינטערעס אין די דונקעלע גאַסען. אונטער אַ בריק זיינען געלעגען צוויי קליינע אינגלאַך, שטאַרק צוגעטוליעט איינער צום צווייטען, כדי זיך געגענזייטיג צו בעשיצען פֿון קעלט. „ווי הונגעריג מיר זיינען!" האָבען זיי געזאָגט. „איהר טאָרט ניט ליגען דאָ!" האָט געקאָמאַנדעוועט איבער זיי אַ וועכטער און האָט זיי אַרויסגעטריבען אונטער'ן גוס־רעגען.

איז די שוואַלב אַוועקגעפֿלויגען צוריק צום פרינץ און האָט איהם דערצעהלט וואָס זי האָט געזעהן.

„איך בין בעדעקט מיט דעם פֿיינסטען גאָלד," האָט זיך דער פרינץ אָבגערופֿען. „אַלץ, וואָס דו דאַרפֿסט טהאָן, איז עס אַרונטערנעהמען בלאַט פֿאַר בלאַט און עס געבען די אָרעמע לייט; די שטערבליכע מענשען האָבען זיך דאָך איינגערעדט, אַז גאָלד קען זיי גליקליך מאַכען."

די שוואַלב האָט אָבגעבראָכען איין בלאַט נאָך'ן אַנדערן פֿון דעם פֿיינעם גאָלד, ביז וואַנען דער גליקליכער פרינץ האָט אויסגעזעהן גאַנץ שטומפּ און שמוציג. בלאַט פֿאַר בלאַט פֿון דעם פֿיינעם גאָלד האָט זי אַוועקגעטראָגען צו די

אָרעָמע, און די פּנים'לאַך פון די קינדער האָ־
בען אויפגעשיינט, און זיי האָבען געלאַכט און
זיך געשפּיעלט אין די גאַסען. „אַצונד האַבען
מיר ברויט!" האָבען זיי מיט פרייד געזאָגט.

באַלד נאָכדעם איז אַראָב אַ שנעע, און נאָך
דעם שנעע איז געקומען דער פראָסט. די גאַסען
האָבען אויסגעזעהן, אָקוראַט ווי זיי וואָלטען
געמאַכט געוואָרען פון זילבער, אַזוי שעהן
האָבען זיי געגלאַנצט; לאַנגע אייז־שטעקלאַך
האָבען אַרונטערגעהאַנגען ווי קריסטאָלענע
שפּיזען פון די דעכער; יעדער איינער איז
געגאַנגען אָנגעפּעלצט מיט וואַרעמע קליידער,
און די קליינע אינגלאַך האָבען געטראָגען רויטע
היטעלאַך און האָבען זיך געגליטשט איבער'ן
אייז.

די אָרעמע קליינע שוואַלב האָט וואָס ווייטער
אַלץ מעהר געפרוירען, נאָר זי האָט ניט געוואָלט
פערלאָזען דעם פרינץ, מחמת זי האָט איהם
זעהר שטאַרק ליעב געהאַט. זי האָט אויפגעפּיקט
עטליכע ברעקלאַך ביי דער טהיר פון דעם
בעקער, ווען ער האָט זי ניט בעמערקט, און
האָט זיך געסטאַרעט אַזוי ווייט ווי מעגליך
וואַרם צו האַלטען, קלאַפּענדיג מיט די פליגלען
אַרויף און אַראָב.

ענדליך האָט זי אָבער דערפיהלט, אַז זי וועט
שוין מעהר לאַנג ניט לעבען. זי האָט נאָך גע־
האַט גראָד אַזויפיעל כח אין זיך, נאָך אַמאָל

אַרויפֿצופֿליהען צום פּרינץ אויף׳ן אַקסעל. „זיי געזונד, ליעבער פּרינץ!" האָט זי געשעפּטשעט, „מעג איך דיך אַ קוש טהאָן אין האַנד?"

„ס׳פֿרעהט מיך זעהר, וואָס דו פֿאָהרסט ענדליך דאָך קיין עגיפּטען, קליינע שוואַלב," האָט דער פּרינץ געזאָגט, „דו האָסט זיך שוין צו פֿיעל פֿערהאַיעט דאָ; אָבער דו מוזט מיר אויף די ליפּען קושען, ווייל איך האָב דיך ליעב."

„ניט קיין עגיפּטען געה איך," האָט די שוואַלב געזאָגט, „נאָר איך געה צום טויט. דער טויט איז דעם שלאָף׳ס ברודער, ניט אַזוי?"

און דאָס זאָגענדיג, האָט זי אַ קוש געטהאָן דעם גליקליכען פּרינץ אויף די ליפּען און איז אַרונטערגעפֿאַלען אַ טויטע לעבען זיינע פֿיס.

אין דער דאָזיגער רגע האָט מען געקענט הערען אַ מאָדנעם קראַך אינעווייניג פֿון דער סטאַטוע אַרויס, אַקוראַט ווי עפּעס וואָלט דאָרט צובראָכען געוואָרען. און ווירקליך איז טאַקי דאָס בלייענע האַרץ צושפּרונגען געוואָרען אויף צווייען. ס׳איז טאַקי געוועזען מורא׳דיג קאַלט אויך.

אויף מאָרגען אין דער פֿריה איז דער מעיאָר פֿון שטאָדט דורכגעגאַנגען אינאיינעם מיט די מיטגליעדער פֿון ראַטהויז פֿערביי דעם פּלאַץ. אַז זיי זיינען צוגעקומען צו דער זייל, האָט דער מעיאָר אַ קוק געטהאָן אויף דער סטאַטוע.

„גאָט מיינער, ווי קלעגליך דער גליקליכער פּרינץ זעהט אויס!" האָט ער זיך אָבגערופען.

„ער זעהט ווירקליך אויס קלעגליך," האָבען בעשטעטיגט די מיטגליעדער פון ראַטהויז, וועלכע האָבען תמיד צוגעבאַמקעט דעם מעיאָר אויף אַליץ וואָס ער האָט געזאָגט, און בעת מעשה זיינען זיי צוגעיאַנגען נעהנטער צו דער סטאַטוע.

„דער רובין איז אַרויסגעפאַלען פון זיין שווערד," זיינע אויגען זיינען פערלאָשען און דאָס גאָלד איז אָבגעבלעטערט," האָט דער מעיאָר געזאָגט. „ער זעהט ווירקליך באַלד אויס ווי אַ בעטלער!"

„טאַקי באַלד ווי אַ בעטלער," האָבען די מיטגליעדער פון ראַטהויז ווידערהאָלט.

„און אָקוראַט לעבען זיינע פיס ליגט אַ טויטער פויגעל!" האָט דער מעיאָר ווייטער געזאָגט. „מיר מוזען אַרויסלאָזען אַ געזעץ, אַז פויגעל זאָלען ניט טהאָרען שטאַרבען דאָ." דער שטאָדט-שרייבער האָט די דאָזיגע בעמערקונג גלייך פערצייכענט אויף אַ פאַפיר.

און אַזוי האָבען זיי דאַן ארונטערגענומען די סטאַטוע פון דעם גליקליכען פרינץ. „אַזוי ווי ער האָט אויפגעהערט צו זיין שעהן, איז ער געוואָרען אַן איבעריגע זאַך," האָט געזאָגט דער פּראָפעסאָר פון דער קונסט-געשיכטע אין דער אוניווערזיטעט.

דערנאָך האָט מען אַריינגעוואָרפֿען די סטאַטוע אין אַ ברענענדיגען אויווען, אום זי צו צושמעל־צען, און דער מעיאָר האָט צונויפֿגערופֿען אלע מיטגליעדער פֿון ראַטהויז אויף אַן אסיפה, כדי צו בעשטימען וואָס מען זאָל טהאָן מיט דעם מעטאַל. „ס'פֿערשטעהט זיך, אַז מיר מוזען האָבען אַן אַנדער סטאַטוע,“ האָט ער געזאָגט, „און די דאָזיגע סטאַטוע זאָל מיך פֿאָרשטעלען.“

„ניין, מיך!“ האָט זיך יעדער איינער פֿון די מיטגליעדער אָבגערופֿען. בעת איך האָב צום לעצטען מאָל געהערט פֿון זיי, האָבען זיי זיך נאָך אַלץ אַרומגעריסען מכח דעם.

„וואָס פֿאַר אַ מערקווירדיגע געשיכטע!“ האָט דער ווערק־מייסטער געזאָגט צו זיינע גיסעריי־אַרבייטער. „דאָס דאָזיגע צובראָכענע בלייענע האַרץ וויל אפילו אין שמעלץ־אויווען ניט צוגעהן. מיר מוזען עס אַוועקוואַרפֿען.“ און זיי האָבען עס אַרויסגעוואָרפֿען אויף'ן מיסט הויפֿען, וואו ס'איז אויך געלעגען די טויטע שוואַלב.

„ברייננ מיר די צוויי טהייערסטע זאַכען פֿון דער שטאָדט!“ האָט גאָט בעפֿוילען איינעם פֿון זיינע מלאכים; און דער מלאך האָט איהם גע־בראַכט דאָס בלייענע האַרץ און דעם טויטען פֿויגעל.

„דו האָסט געוואוסט וואָס אויסצוקלייבען,“

האָט גאָט געזאָגט. „אין מיין גאָרטען, אין דעם
גן עדן זאָל דער פֿויגעל אייביג זינגען, און אין
מיין גילדערנע שטאָדט זאָל דער גליקליכער
פּרינץ מיין נאָמען לויבען.״

